ג ע ה י י ל י ק ט

דעם אָנדענק פון :

מיין מאַמען, רבקה־לאה בת הרב ליפא יום־טוב

מיין טאַטן, יעקב בן מרדכי

מיין ברודער, ישראל־לייב, שוועגערין, רייזל

און פלימעניקלעך : ליפא׳לע, משה׳לע און סיאָמעלע

מיין שוועגערין, שיינע און פלימעניקלעך : דוד׳ל און חוה׳לע

די קרבנות פון א רשעותדיקער וועלט.

# נחלאים *

דער בלאָנדער הויכוואוקסיקער אורי איז געבוירן געוואָרן אין בית-חיים, א קליין דערפל, וואָס ליגט באהאלטן צווישן גרינע פּרדסים אין דער שרון געגנט.

זיין טאטע דוד בערמאן, איז געקומען אין לאנד אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן, נאָכן אָפּזיין א פּאָר יאָר אויף א הכשרה-פּונקט, אין א גרויסער פּוילישער פאבריק-שטאָט. דאָ, אין לאנד, איז ער עטלעכע יאָר געווען אין א קיבוץ, וואָס האָט זיך נאָר וואָס באזעצט אויפן באָדן. ער האָט דאָרט געארבעט שווער, געוואוינט די ערשטע צייט אין א געצעלט, דערנאָך אין א באראק, — זעקס בחורים אין א צימער. אין די נעכט פלעגט ער, א באוואָפנטער מיט א פּרימיטיווער ביקס, ארויסגיין אויף שמירה צו היטן די פריש-געפלאנצטע פּרדסים און די שלאָפנדיקע חברים, געגן די אראבישע כנופיות, וואָס האָבן דעמאָלט געווילדעוועט אין לאנד.

דאָרט, אין קיבוץ, האָט ער זיך צונויפגעטראָפן מיט רבקה׳ן, — א קליין, צארט, בלאָנד, בלוי-אויגיק מיידל, — וואָס איז מיט געציילטע וואָכן פריער געקומען אין לאנד פון טעלזש, אין דער ליטע, וואו זי האָט פארענדיקט א העברעאישן לערער-סעמינאר.

איינמאָל, אין צייט פון דער מיטאָג-הפסקה, ווען ער איז געזעסן מיט רבקה׳ן ביי איין טיש, האָט דוד גאנץ אומדערוואַרט מיט פויערישער אָפנהארציקייט זיך אָנגערופן צו איר:

— דו ווייסט, רבקה, ווען איך קוק אריין אין דיינע אויגן דאכט זיך מיר, אז איך זע פאר זיך צוויי בלויע קאָרן-בלימלעך, וואָס איך האָב יינגלווייז ליב געהאט צו רייסן אויף די קאָרן-פעלדער ארום מיין שטעטל. אויך איצטער האָב איך א שטארקן פארלאנג אריינצונעמען דיין קאָפּ אין מיינע הענט און אויסקושן די טיפע בלויקייט פון דיינע אויגן.

---

* נחלאים — זעלנער פון דער לאנדווירטשאפטלעכער פאָרמאציע פון דער ישראל-ארמיי.

— און פאַרוואָס זשע טוסטו דאָס ניט? האָט אים רבקה שטיפעריש קורץ געענטפערט.

מיט א פּאָר וואָכן שפּעטער האָבן זיי געשטעלט א חופּה, און זיינען אריבער וואוינען אין א באַראַק-צימער, צוזאַמען מיט נאָך א יונג פּאָרל.

אפשר טאַקע איבער די שותּפים צום צימער און דאָס פעלן פון אן אייגענעם אינטימען ווינקל, האָבן זיי אין א רעגנדיקן ווינטער-טאָג פאַרלאָזן דעם קיבוץ און זיינען אריבער אין בית-חיים, א דאָרף וואָס האָט דעמאָלט זיך אָנגעהויבן בויען.

ווען אורילע איז מיט עטלעכע יאָר שפּעטער געבוירן געוואָרן, איז שוין דאָס דערפל געווען באַשאָטנט פון ביימער; די פּרדסים האָבן שוין געגעבן פּרוכט; אין די שטאַלן האָבן געמוקעט קי, און אין די הינער-שטייגן האָבן אין כאָר זיך איבערגערופן ווייסע הינער.

אין דער דאָזיקער דאָרפישער רואיקייט זיינען געוואַקסן די קינדער פון בית-חיים, און צוזאַמען מיט זיי, — אורילע. אָט, ערשט ניט לאַנג, דאַכט זיך, האָט ער אָנגעהויבן צו גיין אין קינדער-גאָרטן, און אָט איז ער שוין א תּלמיד פון צענטן קלאַס מיטלשול; אָט, ערשט נעכטן איז עס געווען, ווי ער איז ביינאַכט געלעגן מיט דער מאַמען אין א בונקער, בעת די אַראַבישע כנופיות זיינען באַפאַלן דאָס דערפל, ווען די יידישע מדינה איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, און אָט גייט ער שוין ארויס אין די נעכט, אָנשטאָט דעם טאַטן, אויף שמירה, צו היטן דאָס דערפל פון מסתננים (אריינדרינגלער), וועלכע קומען פון יענער זייט גרעניץ צו רויבן און מאָרדן.

ער ווייסט שוין ווי צו באַגיין זיך מיטן „עוזי", ווייסט צו זיין פאָרזיכטיק, ניט שיסן פריצייטיק, כדי חלילה, ניט צו טרעפן אן אומשולדיקן. ער שפּאַצירט אַרום אָן פּחד צווישן די פּרדסים און בויערט דורך די פינצטערניש מיט זיין בליק, אויפצוכאַפּן דעם סילועט פון א פאַרטייעטן רויבער.

אלע ווענן און סטעזשקעס זיינען אים דאָ באַקאַנט און אייגן. דאָ, צווישן די פּרדסים, שפּילן זיך בייטאָג די קינדערלעך פון בית-חיים: זיי שפּילן אין „מחבואים" (באַהעלטעניש), און אין „תופסת" (כאַפּעניש); זיי דראַפּען זיך אויף די הייכע ציפּרעסן, און בויען ביידלעך אויף די צווייגן פון די ברייט-צעוואָקסענע עקאַליפּטוסן. אויך ער, אורי, פלעגט זיך דאָ שפּילן, ווען ער איז געווען אין זייער עלטער. הייַנט, אָבער, איז ער שוין א גרויסער, א „גבר" (מאַן), ווי די מאַמע האָט אים ליב צו רופן. און דערפאַר טרויט מען אים אָן אזא אחריותדיקע אויפגאַבע, ווי — נאַכטיקע שמירה.

אין דער יוגנט-באַוועגונג, צו וועלכער ער געהערט, מעסט ער זיך מיט זיינע חברים מיט דער גרויס און האַרטקייט פון די מוסקולן. חברה פלאַצט פּשוט פון

קנאה, ווען מען גיט זיך א כאַפּ אַרום מיט די ידיים, — ווער ווײַמען ס׳וועט בײַקומען; ס׳געדויערט א פּאָר סעקונדעס און דער געגנער ליגט שוין אויסגעצויגן אויף דער ערד און בעט זיך: אורי, די! געבוג, אורי! לאָז מיך אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

אין דער יוגנט-פאַרמאַציע פאַר מיליטערישער אויסשולונג, „גדנע״, איז ער שטענדיק דער ערשטער אין לויפן, שפּרינגען, קלעטערן אויף שטריק און אַנדערע פאַרמעסטן. דערצו האָט ער שטענדיק גרייט א ווערטל און א וויץ, וואָס מאַכט לײַכט דאָס געמיט, אפילו ווען מען איז טויט-מיד פון די איבונגען. די חברה זאָגט וועגן אים:

— אורילה הוא חברהמן (אורילע איז א חברהמאַן)!

זײַן בלאָנדע טשופּרינע פאַלט אים שטיפעריש איבער די בלויע אויגן, וועלכע בליקן אַרויס מיט דער תמימותדיקייט פון א קינד. די מיידלעך גייען אויס נאָך אורילעס א בליק; זיי טוליען זיך צו אים ביי יעדע געלעגנהייט; און ניט איינע פון זיי חלומט צו ווערן אורילעס חברטע. אָבער אורי האָט ניט קיין חשק צו פאַרבינדן זיך מיט איינער.

— למה, פאַרוואָס און צו וואָס טויג עס אים?

אָט האָט ער געטראָפן ציפּין, א תל-אביבער מיידל, וואָס איז אין די שול-פעריען געקומען צו א פעטער אין בית-חיים. חברה האָט געמיינט, אַז דאָס מאָל איז אורילע שוין „געכאַפּט געוואָרן״; די „שטאָטישע״ האַלט אים שוין אין אירע הענט. ערשט וואו? ס׳הויבט זיך ניט אָן! גאַנצע זעקס וואָכן האָט אורי איר אַרומגעפירט אין אַלע זײַנע באַהעלטענישן און באַליבטע ווינקעלעך; צוזאַמען געמאַכט שפּאַצירן אויף ראָווערן אין דער אַרומיקער געגנט; געבאָדן זיך צוזאַמען אין שווים-באַסיין, פאַרברויגט געוואָרן אויף דער זון און — דערציילט וויצן און מעשיות. אָוונט נאָך אָוונט פלעגן זיי אוועקגיין שפּאַצירן צווישן די פּרדסים. גייענדיק אַרומגענומענע און צוגעטוליעטע פלעגן זיי אויסמעסטן די סטעזשקעס ביז אין שפּעטער נאַכט אַרײַן. און ווען חברה פלעגט א פרעג טאָן:

— אורי, איך זה הולך לך עם החתיכה? ווי גייט עס דיר, אורי, מיט דער חתיכה (מיידל)? פלעגט אורי א שמייכל טאָן און ניט ענטפערן קיין וואָרט.

ציפּי האָט אים שוין געזאָגט, אַז זי האָט אים ליב; אַז זי וואָלט געווען גליקלעך צו ווערן זײַן חברטע. און ער, — ער ווייסט ניט פאַרוואָס, נאָר ס׳גלוסט זיך אים ניט צו ווערן איר שטענדיקער חבר. ניין! שפּאַצירן מיט איר, — אפילו קושן זיך, — דאָס יאָ. אָבער ווערן איר חבר, זײַן צוגעבונדן צו איר, שלעפּן זיך קיין תל-אביב, — דאָס ניט. ניין!

און אַז ציפּי איז אַוועקגעפאָרן, איז זי פאַרבליבן אין זײַן זכרון ווי א חלום,

פון וועלכן מען כאַפּט זיך אויף און מען געדענקט אים נאָר טיילווייז, ביז ער ווערט אינגאַנצן פאַרשוואומען און ס׳בלייבט פון אים גאָרניט.

— — — — — — — —

עס שטייען הייסע ברענענדיקע זומער-טעג אין ישראל; בית-חיים ליגט אין די טעג ווי פאַרגליווערט: די לאַדנס פון די הייזער פאַרמאַכט, אַ סגולה געגן דער היץ; די רויטע דאַכלקעס פון די דעכער זעען אויס ווי גליאיקער פייער; די קי שטייען אין די שטאַלן, שמייסן מיט די עקן די פליגן און מעלה-גירה׳ן פויל; די הינער אין די שטייגן שטייען אומבאַוועגלעך, אָטעמען מיט אָפענע שנאָבלען און זופן אָפּט פונעם וואַסער, וואָס רינט מיט אַ דינעם שטראָמל אין די קאָריטעס; די הייכע שלאַנקע ציפּרעסן זייַנען באַדעקט מיט אַ ווייסן שטויב, זייער שטענדיקע גרינקייט האָט באַקומען אַ גרויע קראַנקע מראה.

אורי האָט מיט אַ פּאָר טעג צוריק פאַרענדיקט די געגנטלעכע מיטלשול, מיט אַן אומעטיק געפיל זיך געזעגנט מיט די לערער און חברים, און איצט וואַרט ער אויפן צעטל, וואָס וועט אים רופן צום מיליטער-דינסט אין דער פרייוויליקער נחל-פאָרמאַציע.

דערווייל אַרבעט ער צוזאַמען מיט די עלטערן אין דער ווירטשאַפט: רייניקט אויס דאָס מיסט אין רפת; גיט עסן די קי; באַוואַסערט דעם פּרדס; עפנט אויף פאַרנאַכט די וואַסער-וואַרפערס אויף די גרינס-גערטנער און פירט אַראָפּ אויף אַ צווייַ רעדערדיק וועגעלע, געשפּאַנט צו אַ מוילאייזל, די קעסטלעך מיטן צייטיקן גרינוואַרג.

ער אַרבעט כמעט אַ נאַקעטער: אָנגעטאָן נאָר אין סאַנדאַלן, אַ פּאָר קורצע הויזן און אַ „טעמבעל" אויפן קאָפּ. זיין קערפּער איז ברוין-שוואַרץ פון די זון-שטראַלן און גלאַנצט פונעם שווייס. פון אונטערן „טעמבעל" קוקט אַרויס אַ בלאָנדער לאָק האָר און די אויגן שמייכלען גוטמוטיק און שטיפעריש.

— אורי! רופט די מאַמע. אורי, קום טרינק אויס אַ גלאָז מיץ!

— בסדר, אמא, ענטפערט אורי, און טרינקט אַ צופרידענער דעם זאַפט וואָס די מאַמע האָט אַרויסגענומען פון עלעקטרישן אייז-קאַסטן.

— אפשר ווּעסטו, זונעלע, זיך אָפּרוען אַ ביסל פון דער אַרבעט?

— אמא, דער טאָג איז טאַקע גרויס, אָבער די אַרבעט קען ניט וואַרטן, און ס׳איז אַ שאָד יעדע מינוט, — ענטפערט ער דער מאַמען.

— ביסט גערעכט, זונעלע. אָבער, יאָג זיך ניט אַזוי ביי דער אַרבעט, — די היץ איז צו גרויס. פאַרענדיקט רבקה דעם קורצן שמועס און איילט אוועק צוריק צו איר אַרבעט.

ווען ס׳איז אָנגעקומען דער רוף צו אורין, צו שטעלן זיך צום מיליטער-

דינסט, האָבן זיינע עלטערן געמאכט א מסיבה פאר די באַוויסטסטע שכנים און חברים. מען האָט געטרונקען לחיים, געוואונטשן אז עס זאָל זיין שלום, אז ער זאָל זיך אויסדינען, קומען צוריק א געזונטער און מען זאָל דערלעבן נחת פונעם בן-יחיד.

צומאָרגנס גאנץ פרי האָט אורי זיך געזעגנט מיט דער מאמען ביים טויער פון זייער הויף. רבקה האָט געוואָלט זיך באהערשן, ניט צו וויינען, האָט אָבער ניט געקענט, די טרערן האָבן איר געשטיקט, — פאַרט א יידישע מאמע. זי האָט אים, וויינענדיק, אָנגעזאָגט צו זיין פאָרזיכטיק, ניט קריכן סתם אזוי אין סכנות, און שטענדיק געדענקען די עלטערן און די היים; זי האָט אים לאנג צוגעדריקט צו זיך און אויסגעקושט זיין פנים און די בלויע אויגן אין וועלכע זי האָט געזען זיך אליין.

דוד האָט דעם זון באגלייט צום זאמלפונקט, געוואַרט דאָרט ביז דער אויטאָבוס איז געקומען, און ביים געזעגענען, אים געזאָגט נאָר דריי ווערטער: „היה גבר בני", — זיי א מאן מיין זון! אים ארומגענומען, זיך צעקושט, און נאָכגעקוקט ווי דער אויטאָבוס האָט זיך גערירט פון אָרט און האָט זיך דערווייטערט.

אורי איז געוואָרן א זעלנער אין דער ישראל ארמיי, — א נחלאי.



ווען שמואל סאבאג, דער צורף פון קאזאבלאנקא, איז מיט זיין ווייב מסעודה, צוויי זין און דריי טעכטער, אָנגעקומען אין מדינת ישראל, האָט אים די סוכנות באזעצט אין א לייוונטביידל, אין א מעברה, אין עמק זבולון, ניט ווייט פון דער כרמל-שטאָט חיפה.

זיין עלטסטע טאָכטער, אָסנת, איז דעמאָלט אלט געווען 9 יאָר. געווען איז דאָס א מיידעלע — הויט און ביינער! פון איר קליין פנימל האָבן ארויסגעקוקט א פאָר גליאיקע שווארצע אויגעלעך, וואָס האָבן מיט פארוואונדערונג און נייגע-ריקייט באטראכט דעם ארום.

א פאָר וואָכן שפעטער, נאָכן באזעצן זיך אין דער מעברה, האָט אָסנת אָנגעהויבן צו לערנען אין בית-ספר, אין דעם שכנותדיקן יישוב „עיר-גנים", צוזאמען מיט די קינדער וועלכע זיינען דאָרט געבוירן געוואָרן.

ווען די קינדער זיינען בעת דער ערשטער הפסקה מיט פריידיקן געפילדער ארויס אין דרויסן זיך שפילן, איז אָסנת געבליבן שטיין אָן א זייט, געקוקט אומבאהאָלפן אויף די קינדער און מורא געהאט צו באטייליקן זיך אין זייער שפיל: ווער ווייסט, צי זיי וועלן איר ניט פארטרייבן?

— אָסנת, בואי לשחק! אָסנת, קום זיך שפילן! איז צוגעלאָפן א בלאָנד

מיידעלע פון איר קלאַס, אַנגענומען זי פאַר א הענטל און איר אריינגעצויגן אין מיטן פון קרענצל טאַנצנדיקע קינדער.

ווען אָסנת איז אַלט געוואָרן 12 יאָר, איז זי צוזאַמען מיט אירע חברטעס אריין אין דער יוגנט-באַוועגונג, וואָס האָט געגעסטעט אין א קליינעם אַלטן באַראַק אין „עיר-גנים".

ס'איז ניט אויסצודערציילן די אַלע נסיונות פאַר וועלכע שמואל סאַבאַג מיט זיין הויזגעזינד איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין דער יידישער מדינה; וויפל גלגולים ער האָט דורכגעמאַכט ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו זיין איצטיקן מעמד, א קוואַליפיצירטער אַרבעטער ביי איידעלע מעכאַניזמען אין א פאַבריק פון עלעקטראָנישע מכשירים.

שמואל סאַבאַג האָט שוין פון לאַנג פאַרלאָזן די מעברה, וואָס איז אויך שוין פאַרשוואונדן פונעם ישראל-פייזאַזש. היינט וואוינט ער אין א שיינער דירה פון דריי צימערן, אין איינער פון די שטעטלעך ביי חיפה, ניט ווייט פונעם ים. אַרום די הייזער וואַקסןביימער, בלומען און עס גרינען גראָזן אויף וועלכע ס'איז אַזוי גוט זיך אַוועקלייגן און אויסגלייכן די ביינער אין א זומערדיקן אָוונט, נאָך א שווערן אַרבעטס-טאָג, כאַפּן דערביי א שמועס מיט די שכנים, אָדער שפּילן אין „שעשבעש", צוהערנדיק זיך דערביי צום ציקלענדיקן קול פון אַן אַראַבישן זינגער, וואָס טראָגט זיך פון טראַנזיסטער אַרויס: „יא חבי-אי-אי-בי, חבי-אי-אי-בי!"

— — — — — — — —

די יאָרן גייען יאָר נאָך יאָר און צוזאַמען מיט זיי גייט מיט דער מענטש, וואַקסט, אַנטוויקלט זיך און ענדערט זיך.

אָסנת איז שוין מיט מזל אַלט געוואָרן 18 יאָר, פאַרענדיקט די מיטלשול און דאַרף אָט באַלד אַוועקגיין אין מיליטער, אין דער בחל-פאַרמאַציע, אין וועלכער זי האָט זיך פרייוויליק מאָביליזירט מיט אירע חברטעס און חברים פון דער יוגנט-באַוועגונג.

אָסנת באַטראַכט זיך אַליין אין שפּיגל און גלויבט זיך ניט, צי איז עס טאַקע זי? פון שפּיגל קוקט אַרויס א הויך, שטאַלטיק מיידל, מיט א רונד, טונקל-הויטיק פּנים; אַלע גלידער זיינען ביי איר פאַררונדיקט, ווי געשניצט מיט דער האַנט פון א קינסטלער; לאַנגע טונקעלע וויעס דעקן צו א פּאָר גרויסע, שוואַרצע אויגן; א קליין ברוין חן-פּינטעלע טונקלט זיך אויף דער לינקער באַק, און א דיקער צאָפּ וויקלט אַרום דעם שטערן ווי א קראַנץ.

פּונקט דעמאָלט, ווען זי קוקט אַריין אין שפּיגל, קומט אָן די מאַמע:

— ביסט שיין, יאַ, בענטי! זאָל דיין מזל זיין אַזוי שיין! ווינטשט איר די מאַמע אוןווישט דערביי אויס א טרער, דערמאָנענדיק זיך, אַז נאָך א פּאָר

טעג וועט אָסנת אָנטאָן מיליטערישע קליידער און אריבערגיין אין רשות פון פרעמדע מענטשן.

— וויין ניט, אמא, כאַפּט אָסנת אריין דער מאַמען אין אירע אָרעמס: וויין ניט, ס'וועט אַלץ זיין גוט. זי קושט דער מאַמען און פילט ניט ווי אירע אייגענע אויגן ווערן פייכט, פאַרצויגן מיט טרערן-טוי.

ווען אָסנת איז אוועק צום זאַמלפּונקט, האָט איר באַגלייט די גאַנצע משפּחה. און ווען דער אויטאָבוס האָט גערירט פון אָרט און זיך געגומען דערווייטערן, האָט מסעודה פאַרבראָכן די הענט און גענומען קלאָגן אויפן קול:

— יאַ, בענטי! יאַ, בענטי!

אָסנת האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער, צוגעשיקט צו אַלעמען אַ לופט-קוש און עפּעס וואָס אויסגערופן, אָבער איר שטים איז פאַרשלונגען געוואָרן אינעם געררויש פון מאָטאָר. דער אויטאָבוס האָט זיך דערווייטערט און איז באַלד פאַר-שוואונדן פונעם אויג.

אָסנת איז געוואָרן אַ זעלנערין אין דער ישראל-אַרמיי, — אַ נחלאית.



דער שאָסיי טבריה — ראש-פּינה שניידט דורך די באַרגיקע געגנט צפונדיק פונעם כנרת. פון ביידע זייטן כביש ליגט אַ וויסטער שטח אויף וועלכן עס זיינען כאַאָטיש אָנגעוואָרפן גרויסע שוואַרצע באַזאַלט-שטיינער, — אַ זכר פונעם גרויסן געאָלאָגישן ברוך, וואָס איז דאָ פאָרגעקומען מיט צענדליקער-טויזנטער יאָרן צוריק, ווען די ערד איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט גליאיקע שטיינער, אַרויס-געשפּייטע פון די וואולקאַנישע אינגעווייידן. פון צווישן די שטיינער קוקט אַרויס די שוואַרצע ערד, ניט באַרירט פון אַ מענטשלעכער האַנט, און ס'דאַכט זיך אַז די געגנט וויינט און קלאָגט אויף איר וויסטן מזל.

אויפן באַרג צווישן די שטיינער געפינען זיך די חורבות פון אַן אַלטן בית כנסת, געבויט פון די זעלבע שטיינער אין וועלכע עס זיינען אויסגעהאַקט באַרעליעפן, אַלט-יידישע עמבלעמען און צייכנס, — אַ שטומער עדות אַז דאָ האָבן אַמאָל געלעבט יידן. די געשיכטע ווייסט צו דערציילן, אַז אין די צייטן פון בית שני איז דאָ געשטאַנען דאָס שטעטל כּורזין, און אַז אויך אין זעכצנטן יאָר-הונדערט איז דאָ געווען אַ יידישער יישוב. די דאָזיקע געגנט קוקט אַראָפּ צום כנרת און צום גריבעם טאָל, וואו דער ירדן גיסט זיך אַריין אינעם כנרת.

הונדערטער יאָרן איז די געגנט געלעגן אין איר וויסטקייט, און זעלטן ווען האָט דאָ אַ מענטשלעכע פוס געטראָטן. די גרויסע שוואַרצע שטיינער האָבן אָנגעיאָגט אַ פּחד, און דער פאַרמעסט מיט זיי איז געווען צו שווער. אויך יאָרן נאָך דעם ווי ס'איז אויפגעקומען מדינת ישראל און די געגנט איז איינגעשלאָסן

געוואָרן אין אירע גרעניצן, האָבן זיך ניט געפונען קיין בעלנים צו וועלן בויען זייער היים דאָ. זעלטן ווען פלעגט א קלײנער פּאַטראָל פון צה"ל-זעלנער זיך לאָזן קלעטערן איבער די שטיינער צו אָבסערווירן די גרעניץ-פּונקטן פון דעם סירישן שכן, וואָס ליגט פון צווייטן זייט ירדן. דער שכן האָט ווייזט אויס געוואוסט, אז אין דער געגנט געפינען זיך ניט קיין יידן, און טראָט נאָך טראָט האָט ער גענומען קריכן פאָראויס, איז אריבער דעם ירדן, און האָט דאָרט, אויף זיין צווייטן ברעג, וואו דער ירדן גיסט זיך אריין אין כנרת, אויפגעבויט פעסטונגען, די געפאנצערטע „פילבאָקסעס", האָט זיי באזעצט מיט זיין מיליטער און האָט ניט איינמאָל באשאָסן די פרידלעכע ניט באוואָפנטע ישראל-פישער.

אזוי לאנגזאם, שטיל, פּארטייעט ווי א חיה, האָבן די סיריער זיך ארויפגעדראפּעט אויפן בארג פון כורזים, און אייגנמאָל, ווען א ישראל-פּאַטראָל האָט זיך דערנענטערט צום בערגל, וואָס איז אויף די מאפּעס באצייכנט מיטן נאָמען „מוטילה", האָט אים באגעגנט א פייער פונעם שונא, וועלכער איז שוין געלעגן פארפעסטיקט אין די בונקערס פון אייזן און בעטאָן, אריינגעהאקט אינעם באָדן פון בארג כורזים.

די כראָניקער פון מדינת ישראל וועלן האָבן צו דערציילן וועגן דער גבורה פון א קליינער גרופּע ישראל-זין, וועלכע האָבן באפרייט דאָס בערגל „מוטילה" און אָפּגערייניקט די כורזים-געגנט פון דעם שונאס אריינדרינגלער. אָבער ביידע זייטן פונעם ירדן, און די געגנט אונטן, אינעם טאָל, איז שוין פארבליבן אין די הענט פון די סיריער.

— — — — — — — —

ס'וועלן די כראָניקער פארשרייבן: אין יאָר טויזנט ניין-הונדערט איין און זעכציק, דרייצן יאָר נאָכן אנטשטיין פון מדינת ישראל, זיינען אויף די שטיינער פון כורזים ארויף שווערע מאשינען, בולדאָזערס און טראַקטאָרן, און מיט זיי — צענדליקער יידישע ארבעטער, באוואָפנטע מיט ביקסן, צו פארטיידיקן זיך געגן אן אָנפאל. מען האָט זיך גענומען דורכברעכן א וועג איבער דער גאנצער ברייט פון כורזים, ביז צום פונקט וואו די געגנט הויבט אָן אראָפּנידערן צום ירדן. די אויפרייסן פונעם דינאמיט, דאָס רוישן פון די מאַטאָרן, און דאָס קרעכצן פון די שטיינער ביים ארויסרייסן זיי פונעם באָדן, האָבן אָפּגעהילכט ווייט ארום און זיך צעטראָגן מיט אן עכאָ איבער די בערג. די ידיעה האָט זיך צעשפּרייט איבער דער גאנצער מדינה, אָנזאָגנדיק אירע תושבים, אז ס'לעבט נאָך אין לאנד דער גייסט פון חלוציזם, פון פארמעסט און געוואגטקייט.

און ווען ס'איז דורכגעבראָכן געוואָרן דער וועג, נאָך איידער מען האָט אים גענומען אויסגלייכן און באדעקן מיט אספאלט, האָבן זיך שוין איבער אים געטראָגן שווער-באלאָדענע אויטאָס מיט בוי-מאטעריאלן. אויפן סאמע ברעג פונעם בארג, הויך איבער דעם שונאס פארפעסטיקונגען און דערפלעך, זיינען

אויפגעשטעלט געוואָרן בּאַראַקן אַרומגערינגלט מיט שטעכיקן דראָט און אַרומ-געגומען מיט ליכט פּראָזשעקטאָרן, וועלכע בּויערן די נאַכטיקע פינצטערניש.

אויף דער מאַפּע פון ישראל איז אויפגעקומען אַ בּייער יישוב מיטן סימבּאָלישן נאָמען „אַלמגור", — „קיין שרעק", — אַ בּייער גרעניץ-פּונקט פון דער לאַנד-ווירטשאַפטלעכער נחל-פאָרמאַציע פון דער ישראל אַרמיי.

צווישן די וואָס זייַנען אַרויס צו בּאַזעצן אַלמגור, האָבּן זיך אויך געפונען אורילע און אָסנת; בּיידע אין זייערע בּאַזונדערע אָפּטיילונגען, וואָס זייַנען איצטער געוואָרן ווי איין משפּחה.



אַ טאָג פאָלגט נאָך אַ טאָג. יעדער טאָג איז אַזוי ענלעך צום צווייטן, און יעדע נאַכט טראָגט אין זיך די זעלבּע קולות פון ווילדע חיות, וואָס לויפן אַרום אין דער געגנט, און די זעלבּע געפאַרן פון דעם שונא, וועלכער ליגט אינעם טאָל און וואַרט אויף דער געלעגנהייט צו איבּערפאַלן די זעלנער, וועלכע פאַרנעמען זיך אַ גאַנצן טאָג מיט פּשוטער ערד-אַרבּעט.

יעדן טאָג גייען די אַלמגור-מענטשן אַרויס צו דער אַרבּעט, און דווקא בּאַרג אַראָפּ, אַלץ נעענטער און נעענטער צום ירדן. זיי רייסן אַרויס די שטיינער און רייניקן אָפּ דעם שטח. דער טראַקטאָר גייט זיי נאָך און אַקערט אויף די ערד, וואָס גלאַנצט אויף דער זון מיט איר שוואַרצער פעטקייט. די מיידלעך גייען נאָך דעם טראַקטאָר, זעצן אַריין אין דער אויפגעגראָבּענער ערד יונגע פלאַנצן פון ווייַנטרויבּן און פאַרשיידענע ירקות, פאַרשיטן זיי אַרום און אַרום מיט ערד, און פון די נייַ פאַרלייגטע וואַסער-רערן שפּריצט אַרויס דאָס וואַסער, וואָס צעטאַנצט זיך פון די וואַסער וואַרפערס אין אַ רעדל.

אַ פּאָר מאָל האָבּן די סירישע זעלנער געעפנט אַ פייער אויף דעם געפּאַנ-צערטן טראַקטאָר: די קוילן האָבּן ווי בּינען זיך צעזשומעט אַרום אים; די מענטשן האָבּן זיך צעלייגט אויף דער ערד, זוכנדיק אַ שוץ געגן די קוילן; אָבּער דער טראַקטאָריסט האָט פאַרפעסטיקט דעם מעטאַלענעם העלם אויפן קאָפּ, נאָך שטאַרקער געלאָזט אין גאַנג דעם מאָטאָר, אייַנהילנדיק זיך אין אַ בּלויען רויך. דער טראַקטאָר האָט זיך ממש צעטאַנצט אויפן בּאָדן, געריסן שטיקער פון אים, און ווי זיך אויסגעלאַכט פון די קוילן.

די זון האָט געוואַרעמט די יונגע פלאַנצן, דאָס וואַסער האָט זיי אָנגעטרונקען, די נאַכט האָט זיי געקושט מיט טויִאיקע ליפּן, און די פעטע ערד האָט זיי גענערט. האָבּן זיי גענומען אָנקליידן זיך מיט צווייגן און בּלעטער און הייבּן זיך אין דער הויך. די ערשטע ירקות זייַנען שוין אויפן טיש אינעם שותּפותדיקן עס-צימער, און יעדן פאַרטאָג פאָרט אַרויס אַ לאַסט-אויטאָ אָנגעלאָדן מיט קעסטלעך אָפּצופירן די ירקות אין די „תּנובה" מאַגאַזינען.

אורי ארבעט אינעם וויינגאָרטן. ער קען זיך אויס אויף דעם געביט: ער ווייסט וועלכע צווייגלעך אָפּצושניידן, ווען צו געבן וואסער און וויפל וואסער די פלאנצן דארפן באקומען; ער ווייסט ווי אזוי צו באקעמפן די פארשיידענע פאראזיטן, וואָס זיצן אויף די בלעטער און זויגן אויס לאנגזאם די זאפטן — און דאָס קען דערפירן צום סוף פונעם געוויקס; ער היילט די פלאנצן פון זייערע מחלות, — שטויבט אויף זיי שוועבל, קריאָסייד, ד.ד.ט., און אנדערע כעמישע שטאָפן. די חברה רופט אים אין א שפאס „ד״ר גפן״, — דאָקטאָר וויינשטאָק. זיי לאכן אפילו ווען ער קומט מיט רויטע אָנגעצונדענע אויגן פונעם שוועבל-שטויב, און אורילע לאכט צוזאמען מיט זיי.

אין די אָוונט-שעהן זיצט די חברה אויפן גראָז פאר די באראקן. מען דערציילט וויצן, ניט איינמאָל פעטע, גראָבע, וואולגארע, פון וועלכע אלע לאכן שטארק, און ניט ביי איינעם צעגליט זיך א תאווה׳דיק פייערל אין די אויגן. מען דערציילט אויך עפּיזאָדן און „טשיזבאטן״, — מעשיות שהיו, וואָס יעדער איינעמס פאנטאזיע קען נאָר צוטראכטן.

פאראן אָוונטן ווען מען ציגדט אָן א מדורה (שייטער). מען זעצט זיך אויס אויף דער ערד ארום פייער און מען פארציט ניגונים. צוערשט זינגט מען בלחש, שטיל, קוים הערבאר, — ס׳איז מער א ברומען אין זיך, ווי א געזאנג. אָבער באלד צעווארעמט זיך דער ניגון, פלאקערט אויף, ס׳איז שוין ניט קיין געזאנג, נאָר א שאלן פון יונגע שטארקע שטימען, וואָס צערייסט די נאכטיקע שטילקייט, קייקלט זיך אוועק איבערן טאָל און דערגייט צו דער צווייטער זייט גרעניץ. די סיריער גייען ארויס פון די בונקערס, שפּיזן בייגעריקע דורך די פינצטערניש, צו זען וואָס די „יאהודים״ טוען דאָרט. דאָס געזאנג וועקט ביי זיי א בענקשאפט צום היימישן דערפל; צו די סטאדעס ציגן און שעפסן; צו די ווייבער און עלטערן וואָס מען האָט דאָרט איבערגעלאָזט. זיי זעצן זיך אויס ארום די בונקערס און ציקלען אויס א מאָנאָטאָן צעצויגן ניגון, כמעט אָן ווערטער. די נאכט כאפּט אויףביידע ניגונים, מישט זיי צוזאמען, ווי ס׳וואָלט קיינמאָל קיין שנאה ניט געווען צווישן ביידע זינגענדיקע מחנות.

*

מיט אָסנתן האָט זיך אורי געטראָפן עטלעכע טעג נאָכן אָנקומען קיין אלמגור: זיי האָבן יענעם טאָג צוזאמען געארבעט אין גרינס-גאָרטן. אורי איז פונעם ערשטן בליק פארכאפּט געוואָרן פון איר שיינקייט; ער האָט כמעט ווי פארגעסן וואָס ער האָט צו טאָן, איז שטיין געבליבן אין מיטן דער ארבעט און האָט זיך איינגעגעסן מיט זיין בליק אין אָסנתן. זי, ווידער, האָט תיכף דערפילט אויף זיך זיינע אויגן, האָט זיך פאררויטלט, זיך אראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און גענומען אויף שנעל אויסרייסן דאָס ווילדגראָז פון די בייטן.

אורי איז צוגעגאנגען צו אָסנתן, אראָפּגעלאָזט זיך נעבן איר און, ווי זי, גענומען אויסיעטן דאָס ווילדגראָז.

— ווי רופט מען דיך? האָט ער איר א פרעג געטאָן.

— אָסנת. איז געפאַלן א קורצער ענטפער.

— פון וועלכער שטאָט ביסטו, אָסנת?

— פון חיפה. האָט אָסנת אָפּגעענטפערט אין זעלבן טאָן.

אזוי פראגע נאָך פראגע האָט זיך דער שמועס פארצויגן, ביז פלוצלינג, גאנץ אומדערוואַרט, איז ביי אורילען ארויסגעשפּרונגען א פראגע:

— צי האָסטו שוין א חבר, אָסנת?

— איך האָב א סך חברים. האָט אָסנת זיך געמאכט ניט פארשטייענדיק זיין פראגע.

— כ'מיין, האָט אורילע ווייטער געפאָרשט: צי האָסטו א שטענדיקן חבר?

אָסנת האָט אים אָנגעקוקט מיט א חידוש אין די אויגן און, אַנשטאָט אַן ענטפער, זיך צעלאכט מיט א קליינגעוודיק געלעכטער, כא-כא-כא! באַווייזנדיק דערביי צוויי רייען ווייסע ציינדלעך.

אורי האָט זיך אויפגעהייבן א פארשעמטער; פארשטאַנען אז ער האָט זיך א ביסל נארעש געמאכט מיט זיין צושטיין צו איר, שוין ביי דער ערשטער באגעגעניש. דעם גאנצן טאָג נאָך דעם האָט ער געארבעט אין א בערוועזער שטימונג, פון צייט צו צייט צוגעוואָרפן א פארגנבעטן בליק צו אָסנתן, און געטראַכט ווי אזוי צו באַנייען מיט איר דעם שמועס.

אין אָוונט, נאָך א קאַלטער שפּריצבאָד, איבערגעטאָן אין א ווייס העמד און קורצע כאַקי-הויזן, איז אורי אוועק אויפזוכן אָסנתן. ער האָט איר געפונען אין עס-צימער ביים לייענען א בוך.

— אָסנת, איז ער צו איר צוגעגאנגען, זיי ניט ברוגז אויף מיין הייגטיקער נייגעריקייט און צודרינגלעכקייט. די סיבה איז א פשוטע, — ביסט מיר געפעלן געוואָרן, און, איך האָב געוואָלט וויסן מער פּרטים וועגן דיר.

— מה פּתאום? פארוואָס פלוצלינג ברוגז? וואָס פאלט דיר איין אזא געדאַנק? איך האָב זיך צעלאַכט ווייל דו האָסט אויסגעזען קאָמיש זיצנדיק אראָפּגעבויגן אויף די קני, דערצו נאָך מיט אַן אויסגעשמירט פּנים און מיט אויגן — תמימותדיקע ווי פון א קינד.

אורי האָט זיך צוגעזעצט נעבן אָסנתן, אָפּגעענטפערט אויף אירע רייד, און אריינגעצויגן איר אין א שמועס וואָס האָט זיך לאַנג פארצויגן. זיי האָבן אליין ניט געפילט ווי די פינגער פון זייערע הענט האָבן זיך איינגעפלאָכטן איינס אינעם צווייטנס, אריבערגייסנדיק פון איינעם צום אנדערן הייסע שטראָמען פון ליבשאפט.



אָסנת ארבעט אין גרינס גאָרטן. א גאנצן טאָג איז זי געבויגן איבער די בייטן: יעטעט אויס דאָס ווילדגראָז, צעשפּרייט מיסט, שיט אונטער ערד אויף די וואָרצלען און שטעלט אריין שטעקלעך אין דער ערד צו וועלכע זי בינדט צו די צווייגלעך פון די טאָמאטן קוסטעס.

די מיידלעך וועלכע ארבעטן מיט איר צוזאמען, האָבן זי ליב אי צוליב איר פריילעכקייט, — וואָס שטענדיק זינגט זי, און שטענדיק לאכט זי; און אי צוליב איר פליסיקייט, — וואָס די ארבעט ברענט פשוט אונטער אירע פינגער **און, — זי געפינט נאָך צייט צו העלפן א צווייטן.** זיי, די מיידלעך, האָבן אויך ליב צו הערן אָסנתן דערציילן מעשיות און לעגענדעס, וואָס זי האָט קליינערהייט זיך אָנגעהערט פון איר זיידן דעם צורף: יעדע מעשה האָט א גוטן סוף, — דאָס שלעכטע ווערט באַשטראָפט, און דאָס גוטע באַלוינט.

ווען זי שטייט ביינאכט אויף שמירה, איז זי דרייסט ווי א בחור, — ווייזט ניט ארויס קיין סימן פון פּחד. און ניט איינער פון די בחורים איז איר פשוט מקנא: „אזא ברען א מויד!"

אין איר צימער, אויף דער עטאזשערקע, ליגן שטענדיק עטלעכע ביכער, וועלכע זי לייענט. אין א קליין וואזעלע אויפן טישל שטייען פרישע בלימלעך, וואָס זי שניידט אָן יעדן טאָג פונעם קליינעם בייט אונטער איר פענצטער, וואו זי האָט זיי פארזייט און קולטיווירט. די אנדערע דריי מיידלעך אין צימער, קענען אָסנת'ס שוואכקייט צו בלומען, און וואו נאָר זיי קריגן ערגעץ א בלימל, ברענגען זיי דאָס אין צימער, צו פארשאפן איר א נחת-רוח.

אין די בריוו, וואָס אָסנת שרייבט אהיים, דערציילט זי די עלטערן וועגן איר ארבעט, וועגן דער פרייד וואָס זי פילט, ווען זי זעט ווי עס וואקסן און בליען די פלאנצן, וואָס אירע פינגער האָבן געפלאנצט; זי שרייבט זיי וועגן די גרויסע געשמאקע טאָמאטן, וואָס זי נעמט אראָפּ פון די קוסטעס און לייגט זיי גלייך אין די קעסטלעך צום אָפּשיקן אויפן מארק. אפשר עסט איר די טאָמאטן וואָס איך האָדעווע? פרעגט זי טיילמאָל אין א בריוו. מסעודהן שמעקן דעם טאָג די טאָמאטן צענפאכיק; זי איז זיכער אז זי פילט אין זיי דעם ריח פון איר קינדס פינגער.

— — — — — — — —

אָסנת און אורי האָבן ליב אין די פארנאכטן, נאָך דער ארבעט, צו ליגן אין א באהאלטן ווינקל וואָס קוקט אראָפּ צום כנרת, און צוקוקן זיך צו דער וואונדער-לעכער פארבן-שפּיל פונעם ים: דאָס וואסער, וואָס איז דעם גאנצן טאָג בלוי ווי דער הימל, ווערט איצט אָנגעצונדן מיט א בלוטיקן פלאַם, פון וועלכן עס קוקט ארויס א רויט-גאָלדענער קיילעך; באלד הויבט זיך אָן לעשן די רויטע פארב און ווערט איבערגעגאָסן אין א טונקעלן גרין; ס'דויערט ניט לאנג און ווידער בייט

זיך די פארב, דער כּנרת באקומט א בלוילעך גרויען שטאָל-קאָליר; די מילדקייט פון זייבע וואסערן פארשווינדט און דער ים זעט איצט אויס שטרענג און שרעקווו-דיק. די זון זעצט זיך. די ווייסע מעוועס יאָגן צוריק צום ברעג פון עין-גב און זעען אויס פון דער ווייטן ווי גרויסע זילבערנע פלאטערס. די פינצטערניש הויבט אָן ארויסקריכן פון צווישן די בערג און דעקט צו דעם כּנרת מיט א שווארצן צודעק. דעמאָלט צינדן זיך אָן די ליכטער פון די יישובים, וועלכע רינגלען ארום דעם כּנרת. די ליכטער פינקלען און שימערירן אין דער פינצטערניש און דערגייען צו אלמגור, ווי אָנזאָגער פונעם פרידלעכן, רואיקן ישראל-לעבן.

איבערן כּנרת צעשפרייטן זיך פישער-שיפלעך מיט אָנגעצונדענע לוקס-לאָמפּן. זיי שווימען ארויס פון טבריה, פון עין-גב, פון גינוסר, און קומען אלץ נעענטער און נעענטער צו אלמגור. ניט ווייט פונעם ברעג, דאָרט וואו דער ירדן גיסט זיך אריין אינעם כּנרת, — געציילטע מעטערס פון די סירישע פארפעסטיקונ-גען, — שפרייטן זיי אויס זייערע נעצן.

אָסנת ליגט א צוגעטוליעטע צו אורין און דערציילט אים פון איר היים. וועגן אירע קינדער-יאָרן אין מאראָקאָ געדענקט זי נאָר געוויסע פּרטים. זי דערציילט אים וועגן דער גרויסער שרעק, וועלכע אן אויפגעהעצטער המון איז, נאָכן אויפקום פון מדינת ישראל, באפאלן די יידישע באפעלקערונג און זיך נוקם געווען פארן „פארכאפּן" דאָס „הייליקע מוסולמענישע לאנד". דעם טאטנס קרעמל איז געוואָרן אויסגערויבט, און אים האָט מען איבערגעלאָזט מיט א צעשפּאָלטענעם שארבן, כּמעט א גוססן. נאָך דעם האָט שוין דער טאטע מער ניט געוואָלט בלייבן אין קאזאבלאנקא און איז עולה געווען קיין ישראל.

זי דערציילט וועגן דער מעברה און די לייוונטענעביידלעך, אין וועלכע די מעברה-מענטשן האָבן געוואוינט. ביז היינט שוידערט זי אויף, ווען זי דערמאָנט זיך די שריפה אין אזא ביידל, פון אן איבערגעקערטן נאפט-לאָמפּ: דריי קינדער זיינען לעבעדיקערהייט פארברענט געוואָרן. די מעברה-מענטשן זיינען יענעם טאָג ניט ארויס צו דער ארבעט; זיי האָבן זיך געלאָזט אין א דעמאָנסטראציע מיט שווארצע פענער צו דער סוכנות, צו פאָדערן מענטשלעכע וואוינונגס-באדינגונגען. ווען זי דערציילט אים וועגן דעם, נעמען אירע אקסלען ציטערן און אירע אויגן ווערן פייכט פון טרערן.

— וויין ניט, מיידעלע, בארואיקט איר אורי און קושט איר אויס די טרערן.

אורי דערציילט איר וועגן בית-חיים, וועגן די דאָרטיקע פּרדסים, און וועגן זיינע עלטערן.

— האָסט ליב די היים? פרעגט אים אָסנת.

— זיכער. ענטפערט איר אורי.

— און ווען מען האָסטו מער ליב, — די היים, אָדער מיך ? פרעגט אָסנת ווידער, ווי מען פרעגט עס ביי א קליין קינד.

אורי ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן אויף אזא מאָדנער פראגע ; אָנשטאָט אָן ענטפער, דריקט ער איר שטארקער צו זיך און פארמאכט מיט זיין מויל אירע ליפּן.

טיילמאָל פארקריכט דער שמועס אויך וועגן דער צוקונפט. אורי דענקט, אז דאָס בעסטע וואָלט געווען, — נאָכן פארענדיקן דאָס מיליטערישע דינסט, — ארויסצוגיין מיט דער חברה אויף סטאבילער קאָלאָניזאציע און בלייבן לעבן אין א קיבוץ. און אפשר וועט גאָר אלמגור ווערן אזא סטאבילער יישוב ? דאָס אָרט איז אזוי שיין, און דערצו האָט מען שוין דאָ ארייַנגעלייגט אזויפיל אייגענעם שווייס.

אָסנת איז ניט מסכים, זי וויל זיין אליין, אָן שותפים :

— נאָר איין שותף וויל איך, — דיך. דריקט זי אויס איר פארלאנג אין ווערטער. זי וואָלט מסכים געווען צו וואוינען אין בית-חיים, בעבן אוריס עלטערן, וועלכע זי קען נאָר פון זייער בילד, וואָס אורי טראָגט שטענדיק מיט זיך.

— גוט, איז אורי מסכים. אז מירן האָבן חופש וועלן מיר פאָרן צו מיינע עלטערן. כ'בין זיכער, אז זיי וועלן דיך ליב האָבן ניט אנדערש, ווי זיי האָבן מיך ליב.

— און צוריקוועגס וועלן מיר באזוכן מיינע עלטערן, פאָדערט אָסנת פון אורין. און זי באקומט זיין צוזאָג אויך צו דעם.

אָסנת פאָרשט אויס אורין וועגן די עסנס וואָס זיין מאמע קאָכט, — זי וויל וויסן וואָס ער האָט ליב, און זי טראכט דערביי : צי וועט זי קענען קאָכן פאר אים די אשכנזישע עסנס ? און אפשר, אפשר וועלן אים גאָר שמעקן די עסנס פון איר היים ?

— אורילע, פרעגט זי אים, האָסט שוין אמאָל געגעסן קוסקוס ?

הערנדיק די פראגע, צעלאכט זיך אורי מיט א הילכיק געלעכטער, — בא, כא, כא ! און ענטפערט ניט קיין וואָרט.

— וואָס לאכסטו, אורי ? ווערט שוין אָסנת באליידיקט ; ס'איז זייער א געשמאקער עסן, וואָס ביי אונדז קאָכט מען אים פון געדעמפּפטע מאננע-גרייפּלעך, געווירצט מיט פארשיידענע געווירצן, און מען עסט עס מיט פלייש. נו, און מופלעטא האָסטו שוין ווען פארזוכט ?

— וואָס פאר א משונהדיקער מאכל איז דאָס ? פרעגט שוין אורי.

— דאָס מאכט מען פון אייל, מעל און האָניק. וועסט דאָס שוין ביי מיר עסן,

מיין יינגעלע! אלץ וועסטו ביי מיר עסן! וויצלט זיך אָסנת און, פאר אַן אַדערויף, גיט זי אים דערוויייל א קוש.

ניט איינמאָל ווען זיי ליגן אַזוי אויסגעצויגן אויף דער ערד און וועבן זייערע פלענער, פאלן ביידע אריין אין א פיבערדיקן עקסטאַז. אורי בייסט זיך איין אין אָסנתס ליפּן, נאָגט און זויגט פון זיי די זיסקייטן. ער דריקט איר מיט כוח צו זיך, רופט איר מיט פארשיידענע צערטלעכע נעמען און אָטעמט אריין אין איר זיין ליידנשאפטלעכן באגער. אָסנת ענטפערט אויף זיינע צערטלעכקייטן מיט שטילע זיפצן און אירע קושן פאלן אויף אים ווי א רעגן אויף דורשטיקער ערד. אָבער ווען אורי ווערט איין פיבערדיקער קנויל, און וויל מיט ציטעריקע פינגער אראָפּציען א טייל פון אירע קליידער, גליטשט זי זיך פּלוצלינג ארויס פון אונטער זיינע הענט, שפּרינגט אויף ווי א פלינקע קאַץ פון איר אָרט, און נעמט אים איינשטילן:

— בארואיק זיך, טייערער; בארואיק זיך, זיסער; ברען ניט אַזוי, האָב געדולד ביז צו אונדזער חתונה.

בשעת-מעשה איז אורי אין כעס: ס׳פארדריסט אים וואָס זי איז אַזוי אַלט-פרענקיש און ציט אים ארויס די נשמה. אָבער נאָך דעם ווי אירע שטילע רייד בארואיקן אים און זיי גייען ביידע ארומגענומענע צוריק צו זייערע צימערן, איז אורי צופרידן, וואָס זיין אָסנת איז אַנדערש פון א סך אַנדערע, וועלכע ער האָט געקענט. זי איז, טראַכט ער, ריין ווי א וואַסער פון וועלכן קיינער האָט נאָך ניט געטרונקען, און זי היט די ריינקייט אירע פאר מיר. און וואָס איז דאָ די עוולה, אויב זי וויל ווערן מיינע אויפן זעלבן אופן, ווי מיין מאַמע איז עס געוואָרן מיט מיין טאַטן, און זי וויל באַקומען די ברכה פון עלטערן און משפּחה. א פרייד נעמט אים ארום ביים דאָזיקן געדאַנק. און ווען ער שלאָפט איין, חלומט ער, ווי אָסנת באָדט זיך אין כנרת:

ס׳איז פאַרטאָג, די זון איז נאָר וואָס אויפגעגאַנגען, די וואַסערן פון כנרת זעען אויס ווי צעגאָסענער זילבער, צווישן זיי טראָגט זיך א שוואַרצער פלעק, — אָסנתס צעלאָזענע האָר. ער הויבט איר אָן צו רופן ביים נאָמען: אָסנת! אָסנת! אויף זיין רופן קומט זי ארויס פון וואַסער, איר קערפּער איז דורכזיכטיק ווי גלאָז, און דאָס וואַסער וואָס רינט אראָפּ פון איר, קייקלט זיך ווי שטיקלעך זילבער צו זיינע פיס, רינגלט אים ארום אלץ מער און מער, ביז ער שטייט שוין אין מיטן פון א זילבערנעם בערגל. אָסנת שפּרינגט ארויף צו אים אויפן בערגל, טוליעט זיך צו אים מיט איר דורכזיכטיקן קערפּער און פרעגט אים מיט א געלעכטער:

— וואָס זעסטו, אורילע?

און ער ענטפערט איר:

— דורך דיין קערפּער, וואָס איז איצט דורכזיכטיק ווי גלאָז, זע איך אַלץ וואָס רינגלט אונדז אַרום, — איך זע די בערג און דעם כּנרת; איך זע די פישער, וואָס שווימען צוריק צום ברעג מיט שיפלעך אָנגעלאָדענע מיט פיש. וואָס איז דאָס, אָסנת, וואָס דו ביסט געוואָרן אַזוי דורכזיכטיק און איך קען דורך דיר אַלץ זען? אָסנת ענטפערט ניט, נאָר הויבט אָן צו וויינען און גיט זיך פּלוצלינג אַ הייב אין דער לופט, ווערט אַלץ דורכזיכטיקער און דורכזיכטיקער, ווי אַ וואָלקן וואָס צעגייט זיך, ביז זי ווערט אינגאַנצן פאַרשוואונדן ערגעץ וואו אינעם הימל.

— אָסנת! אָסנת, קום צוריק! רופט איר אורי, און כאַפּט זיך אויף פון זיין חלום.

*

צוויי בריוו זיינען אינעם זעלבן טאָג אָרויס פון אַלמגור: איין בריוו קיין חיפה, פון אָסנתן צו אירע עלטערן; און דער צווייטער פון אורין — צו זיינע עלטערן אין בית-חיים.

אין איר בריוו האָט אָסנת געשריבן די עלטערן וועגן איר חבר, דעם בלאָנד-האָריקן סאַברע, און וועגן זייער באַשלוס צו פאַרבינדן צוזאַמען זייער לעבן נאָכן פאַרענדיקן דאָס דינסט אין נחל. זי שרייבט אויך, אַז דאָס לעבן איז פול מיט פרייד און גליק, און זי קושט אַלעמען פון גרויס גליק.

ווען שמואל סאַבאַג האָט איבערגעלייענט דעם בריוו איין מאָל און אַ צווייט מאָל, האָט ער פון פרייד אַרומגעכאַפּט דער דיקער מסעודהן, צוגעדריקט איר צו זיך, און הויך אויפן קול זיך צעדרשנט:

— פריי זיך מסעודה, יאַ, זוגתי! אונדזער טאָכטער האָט געפונען איר זיווג, — דערצו אַן אַשכנזי! מיר וועלן, יאַ, זוגתי, האָבן מחותנים אַשכנזים, און אונדזערע אייניקלעך וועלן האָבן שוואַרצע אויגן און בלאָנדע קעפּ, און וועלן זיין געלערנטע מענטשן — יאַ, מסעודה! די דרשה האָט שמואל סאַבאַג פאַרענדיקט מיט אַ פּאָר גלעזלעך ברענענדיקן אַראַק, אין דער געזעלשאַפט פון עטלעכע גוטע שכנים, וועלכע האָבן אים פון גאַנצן האַרצן צוגעוואונטשן אַ מזל-טוב.

ווען אוריס בריוו איז אָנגעקומען קיין בית-חיים, איז רבקה, נאָכן איבער-לייענען אים, געבליבן שטיין ווי אַ פאַרשטיינערטע. עפּעס האָט זיך איר אַ ריס געגעבן אינעם האַרץ. אורילע שרייבט וועגן חתונה האָבן, וועגן אויפשטעלן אַ היים פאַר זיך... איר אייניציק קינד וועט אויף שטענדיק פאַרלאָזן די היים... און דערצו שרייבט ער, אַז דאָס מיידל איז פון מאַראָקאָ. פון מאַראָקאָ? שלאָגט איר אַ פראַגע אין קאָפּ. איר אורילע, מיט אַ מאַראָקאַנער מיידל, — ווי פּאַרט זיך עס? זי האָט זיך דאָך אָנגעהערט אַזויפיל שלעכטע זאַכן וועגן די עולים פון מאַראָקאָ... גאָט מיינער, קרעכצט זי אַרויס, פאַרוואָס קומט דאָס מיר?

און מיטן בריוו אין האנט לאָזט זי זיך לויפן אַנזאָגן די בשורה דודן, וועלכער ארבעט אין רפת.

דערזעען דודן, האָט אים רבקה דערלאנגט דעם בריוו און זיך אָנגערופן:

— נא, לייען וועגן דעם שיינעם נחת וואָס מיר האָבן דערלעבט. און האָט זיך צעוויינט, הויך, אויפן קול.

דוד האָט צוערשט, אונטערן קראַן, אָפּגעוואַשן די הענט פונעם מיסט, אָפּגעווישט זיי, און ערשט נאָך דעם זיך גענומען צום לייענען דעם בריוו. איבערגעלייענט, האָט ער מיט א שמייכל א זאָג געטאָן:

— וואָס זשע וויינסטו, נארעלע! פרייען דארף מען זיך, ווען אונדזער זון וויל בויען זיין אייגענעם לעבן.

— און דאָס וואָס ס׳מיידל איז א מאראָקאנערין, דאָס גייט דיר בכלל ניט אָן? ניין?

— ניט קיין מאראָקאנערין, רבקה טייערע, האָט דוד בארואיקט איר צעווייטיקט געמיט, — נאָר א יידיש מיידל, וואָס אירע עלטערן זיינען, פונקט ווי מיר, געווען פארוואָגלט אין א פינצטערן גלות וואָס מען רופט מאראָקאָ.

— אָבער דו ווייסט דאָך, דוד, וואָס מען דערציילט זיך אַלץ אָן וועגן די עולים פון מאראָקאָ. האָט רבקה שוין רואיקער געענטפערט.

— נארעשקייטן, אַלץ נארעשקייטן וואָס מען דערציילט! זיי זיינען פונקט אזעלכע מענטשן, ווי מיר זיינען. פאראן צווישן זיי גוטע, איידעלע און הארציקע מענטשן, ווי ביי אונדז. און אויך ביי אונדז פעלן ניט אויס קיין שלעכטע מענטשן. צי האָסטו, רבקה, שוין פארגעסן וואָס די גויים — כאָטש אליין האָבן זיי געקענט זיין די גרעסטע אויסוואורפן — פלעגן זאָגן וועגן די יידן? אין וועלכע פארבן זיי האָבן אונדז געמאָלן? צי דארפן מיר גיין אין זייערע דרכים און זיך לערנען ביי זיי דאָס שלעכטע? דערצו, רבקה, גלויב איך, אז אונדזער אורי האָט גענוג שכל, און אוודאי איז דאָס מיידל, וואָס ער האָט ליב, ווערט, אז מען זאָל זי ליב האָבן. קום, רבקה, אין שטוב עסן מיטאָג, און לאָמיר די גוטע בשורה באנעצן מיט א גלעזעלע משקה.

רבקה האָט אירע פינגער איינגעשלאָסן אין דודס הארטע, פון ארבעט פארגרעבטע פינגער, דאָס האָט אָנגעפילט איר הארץ מיט בטחון און רואיקייט, און אזוי זיינען זיי ביידע אוועק אין שטוב עסן זייער מיטאָג.



חמסין: א הייסער ווינט יאָגט איבערן בארג. די לופט איז געדיכט און אָנגעגליט ווי פייער. די בערג טונקלען זיך הינטער א גרויען בעפל, און די זון וויקלט זיך אין גרויע וואולכן.

אַן אומעט ליגט אויסגעגאָסן אויף דער געגנט! א גרויסע שווארצע יאַש-טשערקע ליגט אויסגעצויגן אויפן שאָטנדיקן זייט פון א שווארצן שטיין און גליווערט אומבאַוועגלעך; די געוויקסן שטייען מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי אבלים; זייערע צווייגן און בלעטער הענגען ווי קראנקע גלידער, — אָט באלד וועלן זיי זיך צעשיטן און אראָפּפאלן צו דער אויסגעטריקנטער ערד.

אַלמגור ארבעט אין דעם טאָג, ווי ס׳וואָלט גאָר קיין חמסין ניט געווען: א בולדאָזער רייסט די שטיינער פון דער ערד און גרייט צו דעם באָדן צום פּארזיי; פון גרויסע לאסט-אויטאָס ווערן אויסגעלאָדן פארשיידענע קעסטלעך און זעק; די מיידלעך ארבעטן — אויך אין דעם חמסין-טאָג — אין גאָרטן, אין די הינער-שטייגן, און אין קיך ביי די גרויסע טעפּ, אין וועלכע עס קאָכט זיך דאָס עסן; זיי פילן אָן קאנען מיט קאלט-וואסער פונעם פּריזשידער און טראָגן עס אוועק צו די חברים, וועלכע ארבעטן אין דרויסן, צו שטילן דעם ברענענדיקן דורשט.

א בלייענע שווערקייט דריקט דעם קערפּער און דער זאַלציקער שווייס קלעפּט די קליידער צום לייב. דער טאָג ציט זיך היינט לאנג, פּויזעט קוים, קוים, ביז ענדלעך קומען די נאָכמיטאָג שעהן.

אורי איז אויפגעשטאַנען פונעם בעטל, אויף וועלכן ער האָט אין דער מיטאָג-הפסקה געכאַפּט א לייכטן דרימל, און איז אוועק עפענען די וואסער-רערן אינעם וויינגאָרטן און אויף די גרינס-געלטנער.

ווען ער איז צוריקגעקומען אין זיין צימער, האָט ער זיך צוגעזעצט שרייבן א בריוו אהיים, אן ענטפער אויף דעם בריוו פון טאטע-מאמע, אין וועלכן זיי שרייבן אויך צו אָסנתן און פּארבעטן איר צו קומען אויף אורלויב קיין בית-חיים, — ווי אן אייגן קינד צו זיך אהיים.

די מלאָכה פון שרייבן קומט-אָן אורין ניט גרינג. ער וויל דערציילן זיינע עלטערן וועגן דעם לעבן אין אַלמגור, וועגן זיין טראכטן און פילן; ער וויל זיך טיילן מיט זיי וועגן זיין ליבע צו אָסנתן, אָבער, עס באקומט זיך ניט דאָס וואָס ער וויל. ער מעקט דאָס געשריבענע, רייסט דאָס פּאפּיר און הויבט אָן פונדאָסניי. אוודאי איז אין דעם שולדיק דער חמסין, קומט אורי צום אויספיר: די געדאנקען זיינען אין אזא טאָג שווערע, האמעטנע; די מידקייט, וואָס דריקט דעם קערפּער, מאכט אויך מיד דעם מוח; פארענדיקט ער ניט דעם בריוו און לאָזט זיך גיין צו אָסנתן, וועלכע איז שוין געקומען פון דער ארבעט און וואַרט אויף אים אין עס-צימער.

דעם אָוונט-ברויט האָבן זיי געגעסן צוזאמען. די קאלטע זויערמילך אין די קליינע גלעזלעך, און די פרישע טאָמאטן, האָבן אָפּגעפרישט דעם קערפּער, געהייבן די שטימונג, און דער עס-צימער איז פארפולט געוואָרן מיט א הילכיק גערעדעריי און טומל.

ווען עס איז געוואָרן זייער שפּעט און דער עולם האָט אָנגעהויבן זיך פאַנאַנדערגיין — יעדער איינער צו זיין צימער, — האָט אורי זיך דערמאָנט, אַז ס'איז צייט צו פאַרמאַכן די שפּרינקלערס, וואָס ער האָט נאָך דער מיטאָג-הפסקה געעפנט אויף די גערטנער.

— כ'וועל מיט דיר מיטגיין, האָט אָסנת זיך אָפּגערופן, — אין צווייען וועט דויערן ווייניקער צייט.

— ניין, מען דאַרף ניט, אָסנת. בעסער גיי לייג זיך און רו זיך אויס פונעם שווערן טאָג. האָט אורי זיך געבעטן ביי איר.

— אורילע טייערער, כ'וועל אַלצאיינס ניט שלאָפן אין אַזאַ הייסער נאַכט. און איך וויל גיין מיט דיר צוזאַמען. ס'וועט דיר זיין פרייליכער און מיר וועלן גיכער פאַרענדיקן די אַרבעט.

א קוש האָט פאַרענדיקט דעם וויכוח, און ביידע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט מיט דער סטעזשקע, וואָס פירט באַרג-אַראָפּ צו די גערטנער.

*

קאַרפּאַראַל אַבדול ראַזאַק איז שטאַרק דענערווירט און אין כעס אויף דער גאַנצער וועלט. דאָס האָט אַזוי געווירקט אויף אים דער חמסין. ס'איז ניט קיין קלייניקייט אָפּצוליגן אַ גאַנצן טאָג אינעם ענגן בעטאָנירטן „פּילבאָקס", שטיקן זיך אָן לופט, און נאָכשפּירן מיט שפּיזיקע בליקן די באַוועגונג אויפן באַרגל געגנאיבער.

שוין דריי וואָכן ווי ער געפינט זיך דאָ און לעבט אין כסדרדיקער שפּאַנונג. די אָפיצערן האָבן אים אָנגעשראָקן, אַז אויב ער וועט ניט זיין שטענדיק אויף דער וואָך און וועט ניט נאָכהיטן יעדע באַוועגונג פון די „יאַהודים", קענען זיי נאָך קומען אַהער און זיי אַלעמען אויסקוילענען. אַ שרעק נעמט אים אַרום ביי דעם געדאַנק: וואָס וועט דעמאָלט ווערן מיט זיין פעטלייביקער סאַמיראַ, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזט אין דמשק?

דערמאָנט סאַמיראַן, הויבן אָן אַרומצוטאַנצן יאַשטשערקעס איבער זיין קערפּער. ער דערמאָנט זיך ווי אירע פעטע הענט מיט די פוכקע קישלדיקע פינגער פאַרפלעכטן זיך אַרום אים, ציען אים אַריין אין דער גן-עדנדיקער וואַרעמקייט פון איר הויכן בוזעם, איר זיפצן און קרעכצן דערביי, — מאַכט אים שיכור... און קיין גרעסערן גליק דאַרף גאָר אַ מענטש ניט האָבן אויף דער וועלט!

און אָט צוליב זיי, — צוליב די פאַרשאָלטענע כופרים, די „יאַהודים", — וואַלגערט ער זיך דאָ, שלאָפט אויף דער האַרטער פּאָדלאָגע, און איז אַזוי ווייט פון סאַמיראַן מיט אירע פאַרגעניגנס! ווי גוט עס וואָלט געווען, נאָך אַזאַ חמסין-

טאָג, זיך איינצובייסן אין סאַמיראַס לייב, ווי אין א זאַפטיקן מעלאָן, און נאָגן פון דאָרט די זיסקייט...

פאַרנאַכט, נאָך זון־פאַרגאַנג, האָט דער פעלד־טעלעפאָן אין בונקער זיך צעקלונגען. אבדול ראַזאַק האָט האַסטיק אַראָפּגעכאַפּט דאָס הער־טרייבל און צוגעשטעלט צום אויער:

— האַללאָ, האַללאָ, קאַרפּאָראַל אבדול ראַזאַק הערט הכנעהדיק.

פון צווייטן זייט האָט א טרוקענע מענער־שטים באַפוילן:

— אבדול ראַזאַק, נעם מיט 2 זעלנער, — לויט דיין אויסוואַל; נעם מיט ביקסן און גראַנאַטן; גייט צו די גערטנער פון די יאהודים און הרגעט אוועק וועמען איר וועט נאָר קענען! מען דאַרף זיי, די פאַרשאָלטענע, ניט לאָזן רואיק זיצן אויף אונדזער ערד, — זיי דאַרפן מיט בלוט צאָלן דערפאַר! נאָר זע, אבדול ראַזאַק, צו זיין פּאַרזיכטיק: טוט אָן גומענע שיך, עס זאָל ניט דערגיין צו זיי אייער טראָט; פּאַרטייעט זיך, אז מען זאָל אייך ניט באַמערקן. גייט, אין אַללאַס נאָמען! און מוכאַמעד, זיין נביא, איז מיט אייך!

ווי ס׳הויבן אָן צו ציטערן די נאָזלעכער ביי א רויב־חיה ווען עס דערשפּירט דעם ריח פון בלוט, אזוי האָבן גענומען ציטערן די נאָזלעכער ביי אבדול ראַזאַק, נאָכן באַקומען דעם באַפעל. און אויף אים קען מען זיך פאַרלאָזן, — ער וועט דעם באַפעל אויספירן. קיין איין „יאהוד״ וועט פון זיינע הענט ניט אַרויס א לעבעדיקער!

אבדול ראַזאַק און זיינע צוויי באַגלייטער פויזען אין דער פינצטער אויף אַלע פיר. די לאַנגע פינגער פון די פּראָזשעקטאָרן אויפן בערגל קענען זיי ניט אָנטאַפּן, ווען זיי ליגן אויסגעצויגן אויף דער ערד. און אָט איז שוין דער וויינגאָרטן, וואָס די „יאהודים״ האָבן אויפגעהאָדעוועט; הינטער די געדיכטע בלעטער פון די פלאַנצן איז גוט צו באַהאַלטן זיך און לויערן מיט גיריקע אויגן אויפן קרבן.

לאַנג וואַרטן איז זיי ניט אויסגעקומען. אָט קומען און דערנעענטערן זיך צוויי געשטאַלטן; זיי בויגן זיך איין פון צייט צו צייט און טוען עפּעס אין דער פינצטער. נאָך יעדן אזא איינבויגן זיך, ווערט שטילער דאָס רוישן פון די וואַסער־וואַרפערס און מען הערט קלאָרער דאָס שאָרכען פון זייערע שיך. אָט הערט מען דאָס רופן פון א מענער־שטים, — „אָסנת״! און א פרויען־שטים ענטפערט, — „אורילע, סיימתי״. (אורילע, כ׳האָב געענדיקט).

דערהערט א פרויען־שטים, גיט אבדול ראַזאַק א טראַכט: צי דאַרף מען אויך איר הרגענען? פּאַרט א „מאַרא״ (פרוי). אָבער, דאָ שווימט אַרויס פאַר זיינע אויגן סאַמיראַס נאַקעט געשטאַלט, און זיין צאָרן צעוואַקסט זיך אין אים:

— פאַרשאָלטענע! צוליב אייך בין איך איצט אזוי ווייט פון סאַמיראַס זיסן גוף,

— א טויט אייך, פארשאָלטענע! רעדט ער שטיל, אין זיך, און וואַרט אַז זיי זאָלן קומען נעענטער צו זיין לויערונג. און אָט דערזעט ער זיי ביידן נאָענט פון זיך: דער בחור האַלט זיין רעכטע האַנט אויף דעם מיידלס פּלייצע און איר קאָפּ איז צוגעטוליעט צו זיין ברוסט; זיי גייען שווייגעוודיקע אויף דער שמאָלער סטעזשקע צווישן די בייטן, און ס'פאַלט זיי אפילו ניט איין, אַז עמיץ לויערט דאָ אויף זייער לעבן.

אבדול ראַזאַק צילט דעם מיידל גלייך אין פּנים אַריין און גיט א שטילן באַפעל: דריי אויטאָמאַטישע ביקסן צעבילן זיך מיט פייער. זיי זעען ווי דאָס פּאָרל פאַלט צו דער ערד ווי אונטערגעשניטענעביימער. אבדול ראַזאַק וואַרפט נאָך צו א מיאוס זידל-וואָרט, און אַלע דריי לאָזן זיך לויפן צוריק, ווי חיות, אין זייער נאָרע אַריין.

ווען די באַוואָפנטע וואַך איז געקומען צו לויפן אויפן אָפּהילך פון די שיסע־רייען, איז שוין אָסנת געווען טויט, — זי איז געלעגן א צונויפגעקאָרטשעטע נעבן אוריס פיס, און איר פּנים איז געווען צעשמעטערט ביז צום דערקענען.

אורי איז געלעגן מיטן פּנים צום הימל, ניט געפילט וואָס אַרום אים טוט זיך און דאָס ליכט פון די טאָשן-לעמפּלעך גיסט זיך אויף אים ווי צעגאָסענער זילבער... ער זעט ווי אָסנת, א דורכזיכטיקע ווי גלאָז, קומט אַרויס פון כנרת און הויבט אָן שוועבן אין דער לופט. ער וויל זי נאָכיאָגן, נאָר זי דערווייטערט זיך פון אים, אַלץ העכער צום הימל און ווערט נאָך מער דורכזיכטיק. ער קוקט אַרויף צו איר מיט דערשטוינונג, און פּלוצלינג דערזעט ער דורך איר, ווי גלאָז דורכזיכטיקן, קערפּער זיין היימיש דערפל בית-חיים; ער זעט אויף ווייטע מרחקים: אָט איז ירושלים — די הויפּט-שטאָט פון לאַנד; און אָט זעט ער ווי עס טונקלען זיך די בערג פון יהודה; און אָט צעבלויט זיך דער ים-סוף, מיט די שיפן פאַראַנקערטע אינעם פּאָרט פון אילת. ער זוכט מיט זיין בליק אָסנתן, אָבער זי צעגייט זיך ווי א וואָלקן, ביז זי ווערט אינגאַנצן פאַרשוואונדן... ער וויל שרייען, ער וויל זי רופן ביים נאָמען, נאָר ער קען ניט אַרויסברענגען קיין וואָרט אויף די ליפּן... ער שטיקט זיך, שטיקט זיך, און קען ניט אָפּכאַפּן דעם אָטעם...

ווען א חבר האָט זיך אַראָפּגעבויגן איבער אים, געוואָלט אויפכאַפּן וואָס ער רעדט, האָט ער נאָר געהערט א צעצויגענעם, קוים אויסגעשטאַמלטן — „אָ-ס-נ-ת".

— — — — — — — —

די נאַכט ליגט ווידער פאַרטייעט מיט געפאַרן, און די פּראָזשעקטאָרן שניידן דעם אָרום מיט לאַנגע ליכטיקע פינגער.

חיפה, מערץ 1966.

# צפתער מיניאטורן

## חמסין

דאָס געסל, — נאַקעט, אָן אַ סימן פון גריִנס אויף זיך, — ליגט פאַרגליווערט אונטער דער זון; די געדיכטע לופט שטייט אומבאַוועגלעך אויף איין אָרט, — לאָזט זיך ממש אָנטאַפּן מיט די פינגער; די זון צעגליט די דעכער און ווענט פון די שטיינערנע הייזקעס; אַלץ וואָס לעבט און אָטעמט זוכט אַ באַהעלטעניש פונעם חמסין.

אויפן געסל באַווייזט זיך פּלוצלינג אַ הויך און שלאַנק געשטאַלט. פונעם יונגן, בלייכן פּנים קוקן אַרויס אַ פּאָר שוואַרצע גליִענדיקע אויגן. אַ פּלאַכער שוואַרצער קאַפּעלוש, ווי אַ ברייטער טעלער, דעקט צו זיין קאָפּ, און לאַנגע פּאות הענגען אַראָפּ ווי צוויי געפלאָכטענע ליכט. אַ שוואַרצע זיידענע קאַפּאָטע וויקלט איין זיין גוף, און די זאָקן בלאַנקען מיט זייער ווייסקייט.

ער שפּרינגט אונטער גייענדיק, ווי אין אַ ריקודל; ער הייבט זיך באַרג אַרויף אין אַ מין התלהבות און פילט בכלל ניט דעם חמסין. די היץ וואָס שטראָמט אַרויס פון אים איז גובר די דרויסנדיקע היץ: די זון־שטראַלן דערגרייכן אים ניט, — זיין התלהבות פּאַריאָגט זיי; ער שלינגט דעם באַרג אַרויף מיט דער לייכטקייט פון אַ יונגן הירש, — אַ קפיצת הדרך וואָס דריקט אויס דביקותדיקע שמחה.

פּונקט אַזוי פּלוצלינג ווי די געשטאַלט איז דערשינען, אַזוי אויך איז זי פאַרשוואונדן ערגעץ־וואו אין די אויסבויגן פונעם געסל. אַ שוואַרצער פלעק גיט זיך נאָך אַ פּאָר מאָל אַ טונק אין דער בלענדנדיקער ווייסקייט און ווערט ניט, — פאַרשוואונדן צווישן די ווענט פון אַן אַלטער שול אין וועלכער עס ליגן סודותדיק פאַרטייעט די שאָטנס פון אַזעלכע געשטאַלטן.

צי איז עס געווען אַ מיראַזש, אַן אויסדאַכטעניש אין אַ גליִיִקן חמסין־טאָג, וואָס צעגליט אויך דעם מוח און די פאַנטאַזיע, אָדער איז עס טאַקע אַן אמתע זעעניש?

דאָס געסל ליגט צוריק פאַרגליווערט און אָטעמט פון די שטייבער מיט גליִיִקער היץ.

# ווינטער

ווייסע וואָלקנס רויכערן זיך איבער די גאסן און ליקלעך פון צפת. קייקלען זיך אראָפּ איבער די טרעפּלעך און דעקן צו די הייזער מיט די מענטשן צוזאמען.

צפת איז פארשוואונדן: זי געפינט זיך איצט אין איינעם פון די הימלען און האלט איין איר אָטעם אין קדושהדיקער שטילקייט.

אויף די בערג און טאָלן ארום צפת זיינען איינגעהילט אין וואָלקנס, זיינען פארבאָרגן פארן אויג, — דער הימל האָט זיי פארשלונגען. נאָר ערגעץ ווייט, אינמיטן פון דעם זיך רויכערנדיקן הימל הייבט זיך ארויס א בארג-שפּיץ; צוויי איינזאמעביימער שטייען איינגעבויגענע ווי זיי וואָלטן קניען אין א תפילה.

מיט אמאָל רייסן זיך דורך פון צווישן די וואָלקנס עטלעכע זון-שטראלן און צינדן אָן מיט א רויטלעכן פלאם דאָס בערגל מיט די ביימער; דאָס בערגל מיט די ביימער ברענען, ברענען און ווערן ניט פארברענט: „הסנה בער באש והסנה איננו אכל״.

א בליץ צעשניידט די הימלען און א מעכטיקער אויפרייס צערייסט די שטילקייט. עס באגלייט אים דאָס ווייגען פונעם ווינט. א פינצטערניש הילט איין אלץ און ס׳הויבט אָן צו פלייצן א שטראָמיקער רעגן.

פון די טרעפּ אראָפּ נעמען שטראָמען שוימיקע כוואליעס און יאָגן מיט אימפּעט איבער די געסעלעך, וועלכע ווערן באלד פארוואנדלט אין שטראָמיקע טייכלעך.

פון דער פינצטערניש הויבן אָן ארויסשיילן זיך די קאָנטורן פון הייזער און ביימער; צפת קומט אראָפּ צוריק פון די הימלען אויף דער ערד, א געטובלטע און אן אָפּגערייניקטע.

# דריי תקופות
# אינעם שאפן פון רחל קאָרן

רחל קאָרן איז אָן ספק איינע פון די חשובסטע יידישע דיכטעריִנס פון אונדזער דור. איר שאפן איז טיף פאַרוואָרצלט אין דער יידישער ליטעראַטור און אינעם יידישן לעבן. זי איז קרעפטיק מיט דער עכטקייט פון איר געפיל, וואָס איז ערלעך און הארציק; איר געדאַנק איז דערהויבנדיק, טיף און שיין; עס שלאָגט פון איר שאפן מיט קוואליקער ליבשאפט צום מענטש, צו דער נאַטור, צום משפחה־שטאַם אירן און אויך צום לאַנד ישראל, וואָס כאָטש רחל קאָרן איז דאָ פון צייט צו צייט נאָר א גאַסט, דאָך זינגט זי וועגן די:

„גלילער בערג מיט הויבן ראָזלעכע אויף קעפּ
פון זונפאַרגאַנג — ביי דעם כנרת ברעג.״

אין זיין ברייטערער ארבעט וועגן יידישן סטיל, ברענגט דער עסייאיסט ד״ר ש. ביקל א קורצע און קלאָרע פאָרמולירונג:

„סטיל גופא ווערט געבוירן נאָר דאָרט און נאָר דעמאָלט ווען הינטער אים שטייט א שעפערישע שרייבערישע פערזענלעכקייט״.

די דאָזיקע פאָרמולירונג איז ווי אָנגעמאָסטן אויף דער דיכטעריִן רחל קאָרן, וועלכע איז א שעפעריש־שרייבערישע פערזענלעכקייט און האָט אין דער יידישער ליטעראַטור איר אייגענעם סטיל און איר אייגן שעפעריש וואָרט:

„... — און ס'איז מיין וואָרט א זיווג,
דער זיווג, וואָס פאַרבינדט מיך מיט דער מינדסטער שיין.״

דערביי אויך איז איר שעפעריש וואָרט אָנגעזאפּט מיט דער געלייטערטער חכמה פון א רייכן לעבנס־נסיון:

„און כ'בין איצט קליגער און באשיידענער, מיין מאמע;
גלייך כ'וואָלט דעם גאַנצן הארבסט אין זיך אריינגענומען
און דורך דעם בלעטערפאַל פון מיינע מידע טעג
זיך איינגעהאָרכט אין לייד, וואָס דאַרף צו מיר נאָך קומען.״



דאָס קינסטלערישע שאפן פון רחל קאָרן טיילט זיך איין אין דריי תקופות:

חיים, היימלאָזיקייט און די, וועלכע זי באצייכנט מיטן נאָמען „פון יענער זייט ליד".

אין דער ערשטער תקופה „חיים", איז רחל קאָרן, ווי א סך יידישע שרייבער פון איר דור, געקומען אין דער ליטעראטור מיטן טיפן גלויבן אין דער פאר-בונדנקייט פונעם יידישן גורל מיטן גורל פון דער ליידנדיקער מענטשהייט. און אָט די געמיינזאמקייט פון גורלות איז אזוי געקניפּט און געבונדן, אז מען קען זיי ניט צעשיידן און אָפּזונדערן איינע פון די אנדערע.

דער יידישער שרייבער האָט איינגעזאפּט אין זיך דער וועלטס ווייען און באהבה גענומען אויף זיינע צארטע פּלייצעס די שווערע לאסט פון דער וועלט, טראַגנדיק אין זיין הארצן ליבשאפט און גוטסקייט צו דעם ניט יידישן ארום. אפילו די פינצטערע טורמע-ווענט האָבן זיין גלויבן ניט געבראָכן.

דער דאָזיקער גלויבן האָט אויך צעגליט רחל קאָרנס דיכטערישע וויזיע און געצונדן איר סאָציאַלן באוואוסטזיין. זי ווייטיקט אויס אין איר שאפן דעם טיפן צער, דעם עלנט און דעם שווערן געמיט פונעם פשוטן מענטש, דעם יחיד, וואָס ראנגלט זיך מיטן האסטיקן לעבנס-שטראָם.

„און אירע צוויי הענט זיינען וועסלעס,
וואָס רודערן איר לעבן דורך דער פייכטער פארע פון די טונקעלע קיכן."

מיט א שארפן בליק דרינגט רחל קאָרן אריין אין דער פויערישער סביבה, צווישן וועלכער זי לעבט אין איר יוגנט. די דאָזיקע סביבה איז אָנגעלאָדן מיט בייזקייט און ביטערניש, ווייל: „**דאָס ברויט איז ביטער פון דער וויקע**", און אויך דאָס ברויט איז ניטאָ צו דער זעט. ווי פון א ברונעם ארויס שעפּט זי דעם צער וואָס ציטערט אין איר הארץ ביז ווייטיק:

„און ס'איז ארויס דער אלטער פון דער שטוב,
אוועקגעשארט דעם שניי פון אונטער שוועל
מיט ריסקאלעס פון די געשוואָלענע פיס,
אויף וועלכע ס'האָבן בלאָע אָדערן די רויטע הויט געהויבן
ווי רעגנווערים די צעווייקטע ערד."

דאָס זעלבע אויך פילט זי ווען זי זעט דעם אויסגייענדיקן פויערים-יינגל, וואָס טאטע-מאמע האָבן אים מיט כוח געוואָלט ארויסרייסן פון דער בידנער פויערישער דאָליע און געהאָפט אים אויסבילדן פאר א גלח, — „**די האָפנונג וועלכע האָט געיאָגט מיט טעג פון קעלט און הונגער.**"

„און איצט איז שוין צו שפּעט.
עס ליגן אויף דער גראָער דעק די אויסגע'צערטע הענט,
ווי געלע, חשוונדיקע בלעטער,
און די ליפּן זענען שוין פארזיגלט מיטן רויטן, הייסן ליאק פון פיבער."

די ביטערניש וואָס הערשט אין דער סביבה, קומט אמבולטסטן צום אויסדרוק אינעם ליד „די טאָכטער", — די דינסט, וואָס קומט צוריק צום טאַטן אין דאָרף און ברענגט אים א מתנה — איר שוואַנגערדיק בויך:

„האָט די טאָכטער איינגעניורעט אין די אקסלען איר פארשעמטן קאָפּ
און די אויגן האָבן בעטנדיק געלעקט דעם פאָטערס הענט,
ווי א צויג בשעת מען נעמט צום טרענקען אירע קליינע,
און נאָר די פּלייצע האָט זיך אויפגעשטעלט הכנעהדיק אנטקעגן שווערע קלעפּ,

ווי א דאַך אנטקעגן שטרוימענדיקן רעגן:
— אפשר וועט דער גראָבער רימען מאכן שלום? —
נאָר ס'שפּארט זי צו וואָס נעכטער, נענטער צו דער טיר
דעם פאָטערס הארטער שריט
און ס'ווארפט איר נאָך, אריבער שוועל, זיין הארטע האנט
דאָס טלומעקל פון שטאָט
מיט קלייד, מיט שאַל, מיט שיך."

רחל קאָרן איז אָבער, קודם כל, א יידישע דיכטערין און די היימישע יידישע סביבה איז איר אייגן, נאָענט און איינגעבאַקן אין הארצן. אויך דאָ איז דאָס ברויט ניט זיס און ביטאָ צו דער זעט, אָבער די יידישע סביבה טראָגט אין זיך מער אויס-דויער, מער בטחון, מער אליהו-הנביאדיקע געמיטלעכקייט:

„א ביסל שפּעטער, מיט דער נאכט צוגלייך
באגלייט א ייד,
וואָס גייט מיט קויבערס און מיט זעקלעך
איבער די טרויעריקע, שנייי פארזייעטע דערפער.
עקשנותדיק אריינגעקוקט אין יידס פארטרערטע אויגן
אונטער דעם גרויסן, שווארצן פוטערהיטל,
און דווקא אין דעם דאַרפסגייער געוואָלט דערקענען אליהו-הנביא."

אויך אין דער יידישער סביבה גייט אָן דער טאָג־טעגלעכער שווערער געראַנגל פארן שטיקל ברויט:

„און כ'על מיר נישט לאָזן צונעמען פון אים דאָס שטיקל ברויט.
און פון זייבע ווערטער ווערט נאָך קלענער ס'דארע, קליינע ווייב:
כ'האָב ניט געזאָגט, אז ליבערשט זאָל דאָס מיידל זיצן ביזן גראָען צאָפּ?
ער האָט מיר דאָך ביים פריץ אויסגעקויפט דאָס קעלבל."

אָבער אין דער יידישער סביבה נעסטעט די האָפנונג:

„און געטראָגן מיט זיך די הפקרדיקע האָפנונג,
אז אפשר ערגעץ אנדערש איז וואָלוולער דאָס ברויט
און לייכטער צו פארדינען."

כמעט אויף אלע אירע לידער פון דער תקופה ליגט אויסגעגאָסן א שטילער אומעט און א טרויער וואָס דעקט צו אלץ ווי מיט א טונקעלן צודעק, וואָס פאסט זיך גאָרניט פאַרן געמיט פון א יונגער פאַעטישער נשמה: — צי איז עס ניט געווען דאָס טיפע אומבאוואוסטזיניקע אנען וועגן דאָס אָנקומענדיקע?:

„ווי ס'וואָלט א מאמע דריקן צו דער ברוסט דאָס גוססדיקע קינד
און זיך ביים טויט געבעטן:
— ,נאָך צוויי מינוט, נאָך איין מינוט, — א רגע...'"

יאָ, שוין דעמאָלט ווען דאָס לעבן האָט נאָך געטראָגן אין זיך „די האָפנונג פון צעכוואליעט — געלע טייכן תבואה", האָט רחל קאָרן מיט איר שאַרפער אינ-טואיציע, פונקט אזוי ווי אן איידעלער סייסמאָגראַף, דערשפירט דעם צאפל פון דער ערד; דערשפירט דעם ציטער פון דער וועלט פאַרן אָנקום פון א בלוטיקן מבול. וואָס וועט פארפלייצן די ערד פון איר היים און ס'וועט אפילו ניט סטאיען „אויף א קבר פאר די, וואָס זענען אויף דיין שוים געבוירן..."

אין „אָ, ערד", א שטארק און וויזיאָנעריש ליד, געווידמעט י. אָפּאטאָשון, אויסגעציטערט אין יאנואר 1939, ניין חדשים פאַרן מבול, ווענדט זיך רחל קאָרן צו איר היימישער ערד:

„אָ, ערד, כ'האָב קיינמאָל גישט געוואוסט, אז כ'בין ביי דיר א פרעמדע,
געקומען בלויז צו גאסט אויף פופצן, צוואנציק דורות,
ווען כ'בין געוואקסן מיט דיינע פרילינגען און זומערס,
מיט דיין וואלד, מיט דיין תבואה און אלע דיינע פירות.

מיין זיידע האָט דיך געקאָרטשעוועט מיט זיינע ברייטע הענט, —
געריסן ביימער — פניאקעס און שווערע גראָע שטיינער,
ביז ס'איז געבליבן א ליכטיק גרינער ווינקל
מיט בלאָעם טייכל-אויג אין מיטן ווענט פון ביימער."

און נאָך דעם ווי זי רעכנט אויס דעם דורותדיקן בונד אירן מיט דער ערד, קומט די אנונג פון דער שרעקלעכער דערוואַרטונג:

„אָ, ערד, אז איך וועל מוזן גיין פון דיר אָן קלייד, אָן שוך, אָן דאך,
דאן וועלן זיך א הייב טון, וועלן מיטגיין אלע מיינע קברים,
און דו וועסט מיט לעכער ליידיקע, ווי אויגן אויסגערונענע,
שטאַרן צום הימל לויטערן און בלאָעם.

אָ, ערד, אז איך וועל מוזן גיין פון דיר אין גלות,
וועט דורכלויפן א ריס דורך דיין און מיין איעדן גליד,
און ס'וועלן בלוטיקן צוגלייך, אָ, ערד, מיין הייס-געליבטע ערד,
דו און איך און מיין ליד."

דאָס ליד „אַ ערד", קען פאַררעכנט ווערן ווי א קער-פּונקט אין רחל קאָרנס גלויבן, וואָס ווערט בלוטיק צעריסן און צעטראָטן אויף איר הייס-געליבטער ערד. ס'איז דאָס אויפוואַכן פונעם טיפן נאַציאָנאַלן באוואוסטזיין אירן, וואָס ווערט נאָך מער געגערט און געקרעפטיקט אין די יאָרן „ווען ס'האָט די מערדער-האַנט דאָס לעבעדיקע לייב געשונדן און געברענט."



ס'האָט דער יידישער גורל אזוי געוואָלט, אז רחל קאָרן זאָל דורכמאַכן אלע גלגולים פון איר דור „וואָגלען טויזנטער מײלן איבער טרייסטלאָזער ערד", און פונעם נע-ונדיקן וועג ארויסקומען א ניט געבראָכענע אין איר גייסט און מיט קוואַליקער שעפערישקייט פאַראייביקן אין אונדזער ליטעראַטור די „היימלאָזיקייט-תקופה" מיט נייע לידער:

„און כ'זאָל ווערן מיט יעדן ליד, ווי דו מיין גאָט,
מיט יעדן נייעם פרילינג, נייגעבוירן."

אין די לידער פון דער תקופה, געשריבענע אין די יאָרן 1947—1941, ברענגט רחל קאָרן ארויס די איבערלעבונגען פונעם יידישן מענטש, וואָס איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין ווייטע מדברדיקע מקומות, געוואַנדערט אויף ערד, וואָס שמעקט „מיט שימל און קבר", געוואָרט אז שפּעטער אָדער פריער:

„וועל איך אריינפאַלן אין דיר, / אין דיין נאַקעטער אָפענער טיף,
ווי דאָס בלאַט פון טרויריקייט געל / און פון איינזאַמקייט מיד."

און דאָס אָפּגעשוואַכטע הארץ האָט געפיבערט מיט דער בענקשאַפט צו היים:

„צי קען עס זיין, אז ערגעצוואו ווארט נאָך אן אלטע מאמע
מיט אן עקשנותדיקער זיכערקייט פון שעה צו שעה
און ביי די וועג-ראַנדן פאַרטרוימטע שטייען ליפּעס
דאָרט וואו די ערד איז אזוי פשוט שווארץ,
וואו ס'איז דער הימל אזוי פשוט, אזוי קינדיש בלאָ!"

וואַנדערנדיק אינעם מדבר ווייסט אָבער רחל קאָרן, אז זי איז דאָרט ניט עלנט; אז אין איר לעבט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק; און יעדער איינער פון די, ווי זי פאַרוואָגלטע, איז דער טרעגער פונעם נצח ישראל:

„כ'בין דאָ — און הינטער מיר מיין ברענענדיקע וועלט.
כ'האָב דאָ אהער געבראַכט די שטובן און די קברים
פון שטעט און שטעטלעך, וואו ס'האָט געוואוינט מיין פאָלק;
די קינדער וויגאַלעך, די שולן און די ספרים".

דאָרט אינעם מדבר, רייפט דער געדאַנק, אז פּונקט אזוי ווי מיט טויזנטער

יאָרן צוריק, אין אַן אנדער מדבר, האָט זיך צו משה׳ן אנטפּלעקט דאָס הייליקע געטלעכע וואָרט, וואָס האָט געבוירן די יידישע נאַציע, און געגעבן דער וועלט די מאָראַלישע יסודות פון איר קיום, אזוי אויך באַגלייט איר, א קינד פונעם זעלבן פאָלק, אינעם מדבר דאָס הייליקע וואָרט:

„מיט פלאַקערדיקן דאָרן גייט דאָ אויף מיין וואָרט,
און וועט זיך נעגען גאָט, — איז מיט פארהילטן פּנים
און באָרוועס,
ווייל געהייליקט איז דער אָרט״.

מדבר פערגאַנאַ 1943-44.

דאָס איז דיכטערישע וויזיע, נאַציאָנאַלער פּאַטאָס און גייסטיקע דערהויבנקייט וואָס דריקט אויס דעם אייביקן יידישן וועלט-באַנעם.

אין די יאָרן פון היימלאָזיקייט איז רחל קאָרן, פאַר דער צייט, דורך לייד און צער אזוי צייטיק געוואָרן, —

„אַז אפילו גאָט אליין / קען זיך אָנפּאַרטרויען מיין האַנט;
איך וועל אים זיכער ברענגען אהין, אין יענעם לאַנד״.

און ווי א רייף-צייטיקער מענטש, וואָס קען אָן שרעק אריינבליקן דעם גורל אין פּנים אריין, מיט גאָט ביי דער האַנט, לאָזט זי זיך אין „**יענעם לאַנד**״, אין לאַנד פון חורבן און פאַרוויסטונג, צו איר מאַמען, איר מאַן, איר ברודער און איר שטאַם:

„פון אַלע רייזעס צו דעם גליק, קער איך זיך אום צוריק
צום סאַמע טיפסטן, לעצטן אור-זיין פונעם לייד״.

דאָרט, אויף דער בלוטיקער ערד, ווען זי זעט איר ברודערס „**ביידע הענט צום הימל אויפגעהויבן**״, פּלייצט ארויס פון די טיפסטע קעמערלעך פון איר האַרץ א קדיש, וואָס ווירקט מיט דער טיפקייט פון איר ווייטיק און גרויסקייט פון דער ליבע צום ברודער, וואָס איז געווען איינגעוואָרצלט ווי א דעמב אין דער היימישער ערד.

שורה נאָך שורה לעבט רחל קאָרן צוריק אויף יענע גליקלעכע טעג מיטן ברודער צוזאַמען, ווען, —

„ס׳האָט אָפּגעגליקט דער תמוזדיקער וואָך —
עס האָבן טעג, ווי שנורן גילדענע געבינדן
די תבואה צייטיקע אין פעלע, שווערע גאַרבן
און זיי אויפגעשטעלט אַנטקעגן ווינט, דעם לינדן״.

ביז ס׳האָט, —

„...זיך אויפגעריסן, ווי א לעצטער שריי —

ווען ס׳האָט די שאַרפע לאַפּאַטע אין אַט די דלאָניעס צוויי
געשניטן פלאַסטן ערד, ווי פּרילינג צום פּאַרזיי —
פאַר זיי, נאָך לעבעדיקע, מוטער, ווייב און זון — די קברים דריי״.

צי קען דען זיין אַ מער אויפטרייסלענדיקער ווײ־געשריי פון אַ צעוואונדיקט מענטשלעך האַרץ, ווי די דאָזיקע פיר שורהלעך, וועלכע גיבן פלאַסטיש איבער דעם אימהדיקן קאָנטראַסט פון אידילישע טעג „ווי שנורן גילדענע געבונדן״, ביז קברים דריי פאַר „מוטער, ווייב און זון ?״

און דערפאַר ווערט פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס אַזאַ איידעלע און צאַרטע דיכטערין ווי רחל קאָרן, וואָס פאַלט אַריין אין התפעלות, ווען, —

„אויף סטרונע גילדענער / פון פליענדיקער בין
שפּילט דער פרימאָרגן / זיין צאַרטע קלינגענדיקע מעלאָדיי״.

ברענט מיט פלאַמיקן דורשט נאָך נקמה און איר ליד ווערט אָנגעזאַפּט מיט גאַליקן צאָרן:

„אָ, שטראָף מיך, מיין האר, מיטן גרויזאַמסטן וואָרט,
מיט קלאָרן געוויסן, מיט אכזריות פון בליק
און מיט פעסטקייט פון האנט, ס׳זאָל וויכן דער ציטער,
ווען ס׳וועלן די פינגער פאַרציען דעם שטריק״.

און צו די וואָס פריידיקן מחילה און פאַרגעבונג אין נאָמען פון דערבאַרעמדיקן גאָט, ווענדט זי זיך צאָרנדיק:

„צי קען נאָך ציטערן די האַנט, צי קען נאָך זיין דער בליק
געבענטשט מיט רחמים ? — אויב דו קענסט עס, גאָט,
טאָ גיי און גיב באַשייד די אַלע אונטער דר׳ערד,
איך אָבער, מוז דער שופט זיין אָן רחמים און אָן גנאָד״.

נאָך יאָרן היימלאָזיקייט, ווען דער גוף איז שוין מיד פון וואַנדערן אויף די „גראָע וועגן״; ווען דער טרויער נאָגט אָן אויפהער און דער צווייפל הויבט אָן צו פרעסן דאָס האַרץ, — ווער ווייסט וואָס ס׳איז איר נאָך אַלץ באַשערט, ווענדט זיך רחל קאָרן צו גאָט:

„גאָט, מיין גאָט, וואָס האָסט זיך אָנפאַרטרויט מיין וואָרט,
ווי די זריעה פייכטער, חשוונדיקער ערד —
ס׳האָט איר האַרץ געעפנט אונדז די זעלבע שעה
און ס׳איז אונדז דער זעלבער שווערער וועג באַשערט.

ס׳איז שוין ערב נאַכט און ס׳איז אינמיטן טרויער,
ווער זשע וועט אונדז קומען אין דער פרעמד אַנטקעגן ?

אפשר בלויז א שטערן, ווי א טרער, א שטילע
פאלן וועט און לייכטן אויף די גראָע וועגן״.

וואָס נאָך מער דארף א וואנדערנדיקע דיכטערין אויף איר וועג, ווי א פאלנדיקן שטערן, שטיל און ריין ווי א טרער ?



„פון יענער זייט ליד״ איז די תקופה פון טיילן זיך דורך ליד מיט נסיון, מיט געלייטערטער חכמה און וויסן, וואָס זי האָט, ווי א בין דעם האָניק, אריינגעזויגן אין זיך אין לויף פון די יאָרן. ס׳איז א מין סך-הכל פון טעג אָפּגעשוואומענע מיט ליד. אין פון יענער זייט ליד, רופט די מאמע, ווי אמאָל אין די קינדער-יאָרן: **„גענוג זיך געשפּילט שוין, דו זעסט נישט ? ס׳איז נאכט״.**

רחל קאָרן ווייסט שוין פון איר נסיון, אז, —

„דאָס וואָרט איז בלויז א שטילע שפּור,
די שפּור נאָך טעותן וואָס אָדערן זיך איין״.

און זי ווייסט אויך, אז, —

„. . . צוליב דער קארגשאפט פונעם הארץ,
ווען עמעץ ווארט אומזיסט אויף בליק, אויף וואָרט, אויף קלאנג,
בלייבט מען שטיין ביי דעם ראנד פון דער אייגענער נאכט,
ווי אין מיטן פון זומער א ליידיקע זאנג״.

די לידער פון דער תקופה צייכענען זיך אויס מיט דער טיפקייט פונעם געדאנק. רחל קאָרן באטראכט דאָס לעבן מיט א פילאָזאָפישן בליק. דאָס לעבן פירט דאָך **„צו יענער גרענעץ, וואָס מען קען בלויז איין מאָל איבערגיין״.** אָבער, ס׳איז ניטאָ קיין ברירה ; דאָס לעבן מוז מען אָנהאלטן —

„אויף נייער מי, אויף נייע שטרויכלונגען,
אויף זינד און אויף פארגעבן״.

אין **„פון יענער זייט ליד״** איז רחל קאָרן אָפטמאָל מיט זיך אליין. א פארשטעלטע „הינטער גארדינען פון **נאכט״** בליקט זי אריין אינזיכיק, צעדריבלט די אייגענע נשמה ביז צו שפּירן דעם ווייטיק, ביז צו פארבלייבן אליין מיטן אייגענעם שאָטן, וואָס **„שפּינוועבט ארום די נאקעטע ווענט״.**

פאראן טעג אָנגעפולטע מיט פרישע יסורים ווען אפילו די נעכטנס ווערן פארמעקט און פארווישט. דאָס אייגענע איז אויך ווען זי ליגט אין שפּיטאָל נאָך אן אָפּעראציע, ווען, —

„די שעהן צעאָדערט מיט אוממאכט און פּיין,
הענגען, ווי בלעטער פארפרי אָפּגעדארט,

אין דעם אומעטיק-ווייסן שפּיטאַלישן רוים —
פון יענער זייט שוועל עמעץ וואַרט.

ס'איז פאַרמעקט און פאַרווישט צו די נעכטנס די שפּור,
נאָר די איצטיקע רגע, ווי א פרוכט, צייטיק-פול,
שווערט אראָפּ צו דער ערד מיט דער רויטקייט פון ווונד,
גייט אויס מיט א זיפץ אין דער ערד".

אָבער די פילצאָליקע נעכטנס לאָזן זיך ניט פארגעסן, אפילו ווען די שווער פאַרוואונדעטע וועלט האָט שוין ארומגעלעקט אירע אייגענע וואונדן, און דאָס לעבן הויבט אָן צו ווערן אזוי ענלעך צו יענע ווייטע נעכטנס, — איז דאָס נאָר א חלום; געהיימע סטעזשקעס אינעם הארץ פירן נאָך אלץ צו די נעכטנס:

„סטעזשקעס, שמאָלע סטעזשקעס צעאָדערן דעם חלום,
יעדע סטעזשקע פירט צו היים פון לייד און טרויער —"

זוכט רחל קאָרן א שותף צו די מחשבות וואָס מאטערן; א שותף וואָס זאָל איר העלפן ארויס פונעם פלאָנטער, צו טראָגן דעם שווערן יאָך פון לעבן ביז צו יענעם טאָג, ווען —

„...ס'וועט א בוים מיט וואָרצלען אויסגעשפרייטע זוכן
אין וואַרעמקייט פון ערד מיין איינגעשטילט געוויין".

און זי געפינט אים אין דער געשטאלט פון איובן.

אויך איוב, דער מענטש מיטן כאראקטער פון א פעלדז, איז געשטאנען פאר ענלעכע נסיונות וואָס יעדער איינער אין אונדזער דור. דורך אלע פורעניותן האָט זיך זיין גלויבן ניט געבראָכן. און ווען זיין שכר איז געקומען מיט אן איבערפולטער מאָס, און ס'איז דאָ א גרונט צו פרייען זיך, טענהט זיך איוב אויס מיט גאָט:

„ווי קען איך פרייען זיך!
איך, וואָס כ'בין רייפער איצט מיט דריי און זיבן גסיסות,
און כ'האָב אין בלוט מיינעם באגראָבן טויטן צען, צען מיתות?
איך האָב שוין אלץ באוויינט, וואָס איז נאָר ווערט א טרער,
איצט קען איך שוין נישט וויינען און נישט לאכן מער".

איובס פעלדזן שטארקער גלויבן קראכט און ברעכט זיך איין גראָד דעמאָלט ווען עס קומט דער שכר:

„איך בין געוועזן גאנץ און פול אין פרייד פון מיינע טעג;
איך בין געוועזן גאנץ נאָך אין מיין פיין און צער;
נאָר איצט בין איך געשפּאָלטן, ווי א קרוג פון ליים,
ווייל כ'זע נישט מער קיין זין אין רצון דיינעם, האר".

אינעם ליד **„אין חודש פון די פאלנדיקע בלעטער"** („צוקונפט", נאָוועמבער 1964), צער'ט רחל קאָרן אויס דעם גורל פון א פאלנדיקן שטערן:

„ס'האָט זיך געריפּט די לופט מיט תפילה און מיט טרערן,
ווען ס'איז געזונקען און עס האָט געשווערט
צו א פרעמדער, אומבאקאנטער ערד
אן איינזאמער, א נע-ונדער שטערן".

און אפשר געפינען מיר דאָ א רמז אויפן גורל פון דער דיכטערין גופא, — דער איינזאמער נע-ונדער שטערן, וואָס איז נאָך יאָרן היימלאָזיקייט געזונקען **צו א פרעמדער אומבאקאנטער ערד**?

וואָס קען דען זיין נאטירלעכערער המשך פאר דער דיכטערין פון **„היים און היימלאָזיקייט"**, פארן סך-הכל אירן פון לעבנס-נסיון, וואָס געפינט זיך **„פון יענער זייט ליד"**, ווי דאָס קומען כאָטש ווי א גאסט צום לאנד **„ווי פון תנ"ך ארויס"**, וואָס, —

„ביסט שוין געווען אין מיין בלוט נאָך ערב מיין געבוירן,
האָסט זיך געצייטיקט מיט מיין פאָטערס דאוונענדיקן ניגון
און געפרילינגט צווישן בלעטער פון מיין מאמעס תחינה,
וואָס פלעג מיין אומרו קינדישן פארשטילן און פארוויגן".

אויך אינעם לאנד **„ווי פון תנ"ך ארויס"** געפינט זי דעם מדבר. אָבער ווי אנדערש איז דאָס פילן דעם מדבר דאָ, אין פארגלייך מיט די מדבריות וואָס אירע מידע פיס האָבן דורכגעוואנדערט:

„איצט שטיי איך ווי אמאָל אין מדברס פיבערנדיקער גלוט
איינזאם ווי זי, פון נע-ונד און וואנדער-וועגן מיד,
נאָר כ'פיל ווי ס'פליסט אריין איר בענקשאפט אין מיין בלוט.

צום ערשטן יונגן גראָז, וואָס וועט מיט גרינער שווערד
שפּאלטן איר רויטע, רויע, נאקעטיקע ערד,
ווי ס'שניידט זיך אין מיין הארץ אריין דער אָנהייב פון א ליד".



רחל קאָרן האָט אין דער יידישער דיכטונג אריינגעבראכט דעם גוטן אראָמאט פון בליענדיקער ערד, פון דער גאָט-געבענטשטער נאטור. די לידער אירע פון דער **„היים-תקופה"** זיינען עקסטאטישע נאטור-הימנען און דער מענטש איז ביי איר אויך א טייל פון דער נאטור, ווי דער בוים, דאָס גראָז, דער פייגל און די חיה:

„ווי די פארזעסענע מיידלעך, שטייען איבערצייטיק פולע לאנעס
און ווארטן אויף די זינגענדיקע מחותנים,
וואָס זענען נאָך נישט געקומען, —
אויפגעהאלטן מיט די שלאבאנעס פון כמארנע רעגן-טעג".

אפילו דער טראַדיציאָנעלער יידישער שבת אין איר דאָרפישער היים, איז ביי איר אומצעטיילבאַר פאַרבונדן מיט דער נאַטור:

„און שרה, רבקה, לאה, רחל, קומען פון דער תחינה
„גוט שבת" ביטן אין זיין ליבנס נאָמען —
דעם סאָד, דער תבואה, און די לאָנקעס גרינע".

אינעם ליד „**פאַסטעך אין געבערג**" זינגט זי אזוי:

„צוגלייך מיט די כראָמטשענדיקע קי
טון מעלה-גירהן זיינע אויגן
די זון, דעם הימל און דעם וואַלד,
און בלעטערן די גרינעביימער,
ווי דינע זייטלעך פון א בוך —
ביז ס׳גיט זיך מיטאמאָל א גאָס
איבער די טונקעלע ווענט פון שטאָל
א ווייסער וואַסער-פאַל
פון שאָף
וואָס זוכט דעם פאַסטעכס פייפל-רוף".

אויך אין דער „**פון יענער זייט ליד-תקופה**" געפינט רחל קאָרן א וועלט מיט ביימער און פייגל, בערג און טייכן, פרילינגס און ווינטערס, אָבער, —

„... אלץ אזוי אויסטערליש פרעמד:
דער הימל אין מערב לאָזט דער נאַכט זיך אנטקעגן
אין א פאַרבלוטיקטן העמד".

רחל קאָרן איז אָן ספק אויך איינע פון די מייסטערינס פון דער יידישער שפּראַך. איר גאַליצישער יידיש איז קערנדיק-פאָלקסטימלעך, באַטעמט און בילדעריש:

„דער בייכיקער קאָמאָד שפּאַרט זיך אָן אָן דאַרע ריפּן פון די בעטן.
ס׳מרוזשעט פאַר דעם זוניק-ווייסן טאָג
דאָס איינציקע, פאַרגעלטע אויג — דער שפּיגל.
אויף א סטאַרטשענדיקן פוס פון באַנק
באָמבלט זיך א סאַמעטענער תפילין-זאַק,
און ווי נאַקעטיקע קינדער אויף א פּראָסט
שטייען די פוקסיעס אין א קויש מיט בולבעס
און בלוטיקן מיט ווונדן אָפענע פון זייערע בליטן".

אָדער אזא, ממש שאַגאַליש, בילד:

„די הינער שיטן פון דער שטייג ס׳דערשראָקענע קוד-קו-דאַקען,

און אויף דער סאמע שפּיץ פון טעפּ פארזשאווערטע און נישט צעשפּאָלטענע פּניאקעס
וויגט א וויג א ליידיקע דעם פּראָסטיק-קאלטן טאָג".



מען וואָלט אוודאי באדארפט, כאָטש אין געציילטע שורות, דערמאָנען דאָ רחל קאָרנס דערציילונגען און עסייען, אָבער דאָס איז א גאנץ באזונדערע טעמע, לאָזן מיר עס אויף א צווייטער געלעגנהייט.

לאָמיר ווינטשן רחל קאָרן נאָך א סך לאנגע, געזונטע און שעפעריש-פריידיקע יאָרן, און זאָל מקויים ווערן איר וואונטש:

„ס'קען זיין, כ'וועל דערהערן
ווי ס'זינגען די לאנג שוין פארלאָשענע שטערן
און ווי ס'ווערן טרוימען צייטיק אין דער שטיל,
טאָ זאָל אָנגיין ווייטער דאָס דאָזיקע שפּיל".

# די פערזענלעכקייט נחמן מייזיל

אחד העם האָט, דוכט מיר, אַ מיניאַטור אין וועלכער ער דערציילט וועגן פּאַרביקע פליגעלעך, וואָס זייער לעבן דויערט נאָר איין טאָג. ווען זיי פלאַטערן אַזוי פון בלום צו בלום און באָדן זייערע גאָלדיק-פּאַרביקע גופימלעך אין די זון-שטראַלן, רופט זיך אָפּ אַן אַלטע קראָ צו אַ גאָר אַלטן דעמבן-בוים: „זע נאָר ווי דאָס פרייט זיך, טאַנצט און פלאַטערט, אָט באַלד מיטן זון-פאַרגאַנג וועלן זיי שוין ליגן אָן לעבן". דערויף ענטפערט איר דער דעמב: „קורץ געלעבט, צי לאַנג געלעבט, דער עיקר איז שיין געלעבט!"

מיט דער קריטעריע ווי אַזוי מען לעבט, דאַרף געמאָסטן ווערן דאָס לעבן פון אַ מענטש, און בפרט, דאָס לעבן פון אַ שעפערישער פערזענלעכקייט. און כאָטש נחמן מייזיל איז אַוועק אין דער אייביקייט אין אַן עלטער, וואָס „לאו כל אָדם זוכה", איז פאַר אונדז וויכטיק דאָס וואָס זיין גאַנץ לעבן איז געווען שיין און שעפעריש. כמעט ביז צו זיין לעצטן אָטעם-צוג האָט ער ניט אַרויסגע-לאָזט די פען פון האַנט, מיט וועלכער ער האָט זיך באַנוצט אויף אַ מייסטערהאַפטן אופן און אַריינגעשריבן מיט איר וויכטיקע קאַפּיטלעך אין דער צעצווייגטער, טיף-פאַרוואָרצלטער יידישער ליטעראַטור.

נחמן מייזיל האָט געהאַט די גרויסע זכייה צו לעבן און שאַפן אין איין צייט מיט די קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור: מענדעלע, שלום עליכם, און י. ל. פּרץ. ער האָט איינגעזאַפּט דאָס ליכט וואָס זיי האָבן אַרויסגעשטראַלט, און זיין גאַנץ לעבן האָט ער געטראָגן אין זיך די גרויסע ליבשאַפט און דעם טיפן פיעטעט פאַר די דריי פונדאַמענט-לייגער פון דער מאָדערנער יידישער ליטע-ראַטור. אויפן דאָזיקן פונדאַמענט האָט נחמן מייזיל, ציגל נאָך ציגל, אויסגעבויט דעם גרויסן בנין פון זיינע אייגענע צענדליקער ווערק, אַריינגעגעבן אין זיי די קלאָרקייט פון זיין געדאַנק, די ברייטקייט פון זיינע האָריזאָנטן, די פליסיקייט פון זיין שפּראַך און די דינאַמישקייט פון זיין לעבן. און די „מזרח וואַנט" פון זיין שאַפן פאַרנעמען אונדזערע דריי קלאַסיקער.

צווישן די שאַפער אויפן שטח פון דער יידישער ליטעראַטור-קריטיק און ליטעראַטור-געשיכטע איז שווער צו געפינען אַזאַ פּראָדוקטיוו-שעפערישן שרייבער, ווי ס'איז געווען נחמן מייזיל. שוין כמעט אין די לעצטע טעג

פון זיין לעבן האָט ער נאָך באַוויזן צו באַצירן דעם ליטעראַטור-בנין זיינעם מיט צוויי נייע ווערק: בער באָראָכאָוו: שפּראַך-פאָרשונג, און ד"ר חיים זשיטלאָווסקי. דעם לעצטן דערמאָנטן בוך האָט דער פאַרלאַג „חיפה", ביים יידישן שרייבער פאַראיין אין חיפה, געהאַט די זכייה אַרויסצוגעבן. און מען דאַרף וועגן נחמן מייזיל זאָגן דאָס, וואָס ער האָט געשריבן וועגן ד"ר זשיטלאָווסקי: „79 יאָר געלעבט און מער ווי איין און זעכציק יאָר אַזוי שעפעריש, פּראָדוקטיוו געלעבט, און דאָך געשטאָרבן פאַר דער צייט, אין סאַמע מיטן פון זיין לעבן און שאַפן".



נחמן מייזיל, איז געווען אַ קאַמפּערישער שרייבער, און ווען ער איז אַריין אין אַ מלחמה, איז עס פאַר אים געוואָרן אַ „מלחמת קודש"; זיין פּען איז דעמאָלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שאַרפן וואָפן און ער האָט ניט געשוינט קיינעם, ניט געקאַרגט קיין קלעפּ. אָבער די, וועלכע האָבן אים געקענט פּערזענלעך, ווייסן, אַז אין זיין פּערזענלעכן לעבן איז ער געווען אַ מוסטער פון איידלקייט און גוטסקייט. ער איז אָפּטמאָל געווען תמימותדיק ווי אַ קינד; ניט געקענט באַגרייפן דעם מקור פון דער מענטשלעכער רשעות; געהאַט צער פון יעדן בייזן אָנגריף אויף אים און געשטוינט פאַרוואָס דאָס קומט אים.

נחמן מייזיל האָט געהאַט אַ סך, גאָר אַ סך גוטע פריינד, וועלכע האָבן אים ליב געהאַט, פאַרערט און אָנערקענט; ער האָט אָבער אויך געהאַט געגנער, אפשר ניט ווייניקער ווי גוטע פריינד, — ווייל יעדע עכטע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט אַן אייגענעם וועג אינעם לעבן און וויל ניט גיין מיט די אויסגעטראָ-טענע דרכים, איז אויסגעשטעלט צו דער סכנה פון האָבן שונאים, ניט-פאַרגינערס, און נאָך מער ניט פאַרשטייערס.

נחמן מייזיל, ווי אַ סך פּערזענלעכקייטן און שיינגייסטער פון אונדזער בייזן יסוד-צעטרייסלטער תקופה, האָט אַ געוויסע צייט געבלאָנדזשעט אין די לאַבירינטן פון אונדזער קולטור-געזעלשאַפטלעכן לעבן. אָבער ווער פון אונדז, איז אין דער דאָזיקער תקופה געגאַנגען מיט אַ זיכערן טראָט אויף גלייכע געפלאַסטערטע וועגן? ווער פון אונדז האָט ניט געבלאָנדזשעט און געזוכט? ווער פון אונדז האָט ניט געגלויבט און איז ניט געבראַכט געוואָרן צו אַנטוישונגען, ביז צו מאַכן דעם טיפן נשמהדיקן חשבון-הנפש מיט זיך אַליין?

נחמן מייזיל האָט שטענדיק געטראָגן אין זיך די אמונה אין דער שליחות פונעם יידישן שרייבער און פון דער יידישער ליטעראַטור, אין אויספורעמען און געשטאַלטיקן דעם קולטור-געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער פונעם יידישן פאָלקס-לעבן. ער האָט געגלויבט, אַז ס'איז נייטיק דערצו דער קאָלעקטיווער אָנשטרענג פון אַלע שעפערישע כוחות אינעם יידישן לעבן. און ווען ס'איז געקומען דער בלוטיקער ריס, ווען איין טייל האָט געלייגט אין חרם אַ צווייטן טייל פון אונדזערע

שעפערישע כוחות, — ווי טראַגיש-ערנסט און באַרעכטיקט די סיבות זיינען ניט געווען, — האָט ער זיך געשטעלט מיטן פּנים צו דעם טייל, וואָס איז געוואָרן פאַרמשפּט צו באָיקאָט און איזאָלאַציע, ווייל נחמן מייזיל האָט געהאַט א גרויס ווארעם הארץ, וואָס האָט געשלאָגן מיט אהבת ישראל און מיט אמונה אינעם מענטש.

די דאָקטאָרין, די צייט, האָט שוין אָפּגעטעמפּט די שאַרפע מחלוקת, געהאָלפן פאַרהיילן וואונדן, און א גרויסער טייל פון יענע פלאַמיקע קעמפער און באַקעמפער — און מיט זיי נחמן מייזיל — רוען שוין אין דער אייביקייט. אָבער צוליב א „חסד של אמת" פאַרן אָנדענק פון נחמן מייזיל, דאַרף מען דאָ זאָגן, אז נחמן מייזיל האָט קיינמאָל ניט פאַרלייקנט זיין געוויסן; ער האָט קיינמאָל ניט שלום געמאַכט מיט דער גרויסער פאַרשווערונג געגן דער יידישער קולטור און אירע שאַפער און בויער אין ראַטנפאַרבאַנד.

עס ליגן אין ב. מייזילס היים, אין קיבוץ אלונים, און וואַרטן צו דערזען די ליכטיקע שיין אין דער עפנטלעכקייט, דאָקומענטן — אַלע בריוו פון נחמן מייזיל, געשיקטע צום ראַטנפאַרבאַנד און זיינע אינסטיטוציעס, וועגן די יידישע שרייבער, קינסטלער און קולטור-טוער, און — די פאַרפירערישע, זיך אַרויסדרייענדיקע ענטפערס פון „וואַקס" — די אָפּטיילונג פאַר קולטור-פאַרבינדונגען מיט אויסלאַנד. ליידער האָט נחמן מייזיל ניט זוכה געווען צו פאַרווירקלעכן זיין באַגער צו ברענגען די דאָקומענטן צום דרוק.

און זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אז נחמן מייזיל איז געווען דער ערשטער פון די, „איקוף"-שרייבער, וואָס איז מוטיק אַרויסגעטראָטן געגן דעם מאָרד איבער די יידישע שרייבער און קולטור-טוער און געגן דעם חורבן פון דער יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד.



איך האָב געהאַט די גרויסע זכייה צו זיין נאָענט באַפריינדעט מיט נחמן מייזיל און ווערן איינער פון די אַריינגייער אין זיין היים און געניסן פון נחמנס און, תיבדל לחיים ארוכים, זיין פרוי כיענעס גאַסט-פריינדלעכקייט.

א שלאַנקער, אַן אויסגעגלייכטער, גאָרניט ווי לויט זיין עלטער, פלעגט ער מיר אַנטקעגן גיין, און מיט א גוטן שמייכל אויף זיין פּנים באַגריסן און פאַרבעטן צום טיש.

די שמועסן ביים טיש, אינעם שטיבל אין אלונים, וואָס שטייט איינגעהילט אינעם שאָטן פון דעמבן-ביימער, וועלן קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן אין מיין זכרון.

נחמן מייזיל האָט וואַכזאַם נאָכגעשפּירט די פּאָליטישע און קולטור-געזעלשאַפטלעכע געשעענישן אין לאַנד און אויסלאַנד; ער פלעגט ענערגיש און

לעבעדיק רעאגירן אויף זיי און מאכן זיינע לאָגישע און גוט באגרינדעטע אויספירן. מיט א באזונדערער סענסיטיוויקייט פלעגט ער רעאגירן אויף עוולות אינעם געזעלשאפטלעכן לעבן און ריידן וועגן דעם מיט עכטן צער און אמתן ווייטיק.

ער פלעגט ארייננפאלן אין התפעלות פון יעדן ניי-דערשינענעם גוט יידיש בוך, וואָס איז צו אים דערגאנגען. ער פלעגט אים ארויסנעמען פון ביכער שאפע און באווייזן, ווי ער וואָלט געזאָגט: „קוק-אָן און שעפ נחת פון דעם וואָס די יידישע ליטעראַטור לעבט און וועט לעבן". מיט א באזונדער פיעטעט און ליבשאפט האָט ער געזאמלט, געלייענט און אויפגעהיט די יזכור-ביכער וואָס ער פלעגט באקומען. וועגן די פאָלקס-ביכער האָט ער אָט וואָס געשריבן אין זיין לעצטער גרויסער ארבעט, געדרוקט אין יאָרבוך „חיפה" נומער 3—2:

„... אלץ צוזאמען שטעלט מיט זיך פאָר א מאָנומענטאלן, גרויזאם מערקווירדיקן טורעם, וואָס איז שווער צו געפינען זיין גלייכן אין דער רייכער וועלט-ליטעראַטור און וועלט-געשיכטע, סיי לויטן טיף-טראגישן אינהאלט, סיי לויט דער פאָרם און פארנעם".

א באזונדער אָרט פאר זיך פארנעמען די ווידמונגען אויף די אלע ביכער — פון מחברים און ארויסגעבער — וועלכע דריקן אויס טיפע פארערונג, אנערקענונג און ליבשאפט צו דער פערזענלעכקייט נחמן מייזיל.

ניט געווען קיין איין שמועס מיט נחמן מייזיל — און אזוי אויך אין זיינע בריוו צו מיר — אין וועלכע ער זאָל ניט פאָדערן מער און מער מעשים. א קוואליקער אָפטימיזם האָט געשלאָגן פון אים און האָט אויך באווירקט זיין מיטשמועסער. „מען מוז — פלעגט ער זאָגן — פארקאשערן די ארבל און זיך נעמען צו דער ארבעט; — ס'איז דאָ פאר וועמען צו ארבעטן און ס'וועלן זיין רעזולטאטן". די לעצטע שורות פון זיין שוין פריער דערמאָנטער ארבעט אין יאָרבוך „חיפה": „הקיצור עס שטייען פאר אונדז פיל, פיל וויכטיקע אויפגאבן, וואָס ווארטן, מ'זאָל זיי רעאליזירן און לייזן. איז ווער, ווער זשע וועט זיך נעמען צו דעם?" האָבן זיך ארויסגעריסן פון אים ביי יעדן שמועס, ביי יעדע באגעגעניש. און ער אליין איז געווען א ביישפיל דערצו: געארבעט כמעט טאָג און נאכט, געשריבן אומאויפהערלעך; ס'איז געווען א געיעג מיט דער צייט, — אזויפיל וואונדערלעכע געדאנקען האָבן געשלאָגן אין זיין מוח; ער האָט נאָך געהאט אזויפיל צו זאָגן, צו לערנען אנדערע. און די עלטער וואָרנט: — די צייט איז קורץ! ער האָט פאריאָגט פון זיך די עלטער, ניט געשוינט זיין אָפּגעשוואכטן געזונט, און געלעבט אין א כסדרדיקן ארבעט-געיעג. פון אונטער זיין פליסיקער פעדער זיינען ארויס נייע ארבעטן, וואָס האָבן געפונען זייער תיקון אין דער יידישער פרעסע אין דער גאַרער וועלט.

ער איז געווען פול מיט פלענער פאר דער צוקונפט: פאנטאזירט וועגן א

חודש זשורנאל אין חיפה; געגלויבט אז דאָס יאָרבוך „חיפה" וועט דערשיינען 2 מאָל א יאָר און, אז אויך ער אליין וועט העלפן טראָגן דעם עול פון יידיש-שאפן אין חיפה, אזוי ווי ער האָט דאָס געטאָן אין דעמיעווקע, אין קיעוו, אין ווארשע און אין ניו-יאָרק, ווייל אומעטום וואו נחמן מייזיל האָט געלעבט, דאָרט האָט ער אויפגעשטעלט א צענטער פון יידישן ליטעראַרישן שאפן.

דעם גלויבן אין דער שליחות פון דער יידישער קולטור, — יידיש-לשון, יידישן שאפן און יידישער ליטעראטור, — האָט נחמן מייזיל אויפגעהיט ביז צו זיינע לעצטע לעבנס-טעג. אין זיין פריער דערמאָנטער ארבעט אין „חיפה", נומער 3—2, „פאר נייע וויכטיקע אויפגאבן", פרעגט אָפּ נחמן מייזיל די קלאָג-רייד וועגן אונטערגאנג פון יידיש, ער שרייבט:

„קענען מיר און מעגן מיר באטראכטן זיי אלעמען ווי א „דור המדבר", וואָס איז פאראורטיילט אויף אומקום, אויף אויסשטארב, אויף לעצטע שבלעצטע, אָן קיין שום וואוקס און נאָכוואוקס, אָן קיין שום איבערבלייב?

און מיר קענען און דארפן צובאַמקען:

געוועזן, און שוין, — נאָך אלעמען?"

און ער ענטפערט:

„ניין, ניט כאפן זיך און ניט איילן זיך צו זאָגן דעם „רבנן קדיש" נאָך יידיש! — דאָס דארף זיין אונדזער ערשטער און ערנסטער זאָג צו די אלע, וואָס זיינען גרייט צו באגלייטן אונדזער יידיש-לשון, די יידישע ליטעראַטור, די „לעצטע" יידישע שרייבער אויפן עולם האמת".



אין יאָר 1936, אין צייט פון די אומרועו אין לאנד, ווען אויף דער וועלטס הימלען איז שוין געהאָנגען דער גיפטיקער וואָלקן פון נאציזם, — האָט נחמן מייזיל באזוכט ארץ ישראל. דעם באזוך האָט ער פאראייביקט אין זיין בוך „טעג און נעכט אין עמק". ער דערזעט צום ערשטן מאָל די ארץ ישראל-יוגנט, און ער פאלט אריין אין עקסטאזיקער באגייסטערונג:

„אזוי טאנצן גלויביקע, אזוי קענען טאנצן מענטשן מיט פייער אין דער נשמה, מיט גלויבן אינם הארצן...

גליקלעך איז די יוגנט, און גליקלעך זיינען די יונגע! זיי קענען אויך אין אזא שווערער צייט טאנצן, טאנצן פון אזא אינעווייניקסטער פרייד מיט אזא התלהבות, עד כלות הנפש".

די טעג און נעכט אין עמק ברענגען אים אויך צו מחשבות:

„מחשבות, וואָס מען ווייסט נאָך אליין ניט זייער פשט, זייער באשייד,

פאַרכאַפּן דיך, צוזאַמען מיט די מחשבות — אַ טיף־נאַגנדיקע שטימונג, אַ פרײדיקע און גלײכצײטיק — אַ װײטיקדיקע. עס טוט זיך אַ מיש אַ שטיק אײגן לעבן מיטן לעבן פון דעם פאָלק, און עס איז שװער צו דערגײן, װאָס עס טוט דיר דאָ װײ, װאָס עס טוט דיר דאָ באַנג... עס קומען אױף אין דיר אומקלאָרע חשבונות מיט װעלט, מיט מענטש, מיט זיך גופא".

קען זײן, אַז די דאָזיקע מחשבות האָבן אים שפּעטער באַגלײט אין לױף פון די יאָרן ביזן טאָג, װען ער האָט מיט 28 יאָר שפּעטער, אין אלונים, — אױפן בערגל, װאָס בליקט אַראָפּ צום עמק, — אױפגעבױט זײן הײם. כדי דאָ, בײם זײט פון זײנע קינדער און אײניקלעך, — נאָך צענדליקער יאָרן לעבן אין גרױסע שטעט, נאָך יאָרן קאַמפן און ראַנגלענישן, האָפענונגען און טרױמען, דערגרײכונגען און אַנטױשונגען, — געפינען די אױסגעבענקטע שלװה, און אין דער שטילקײט פון צעאַקערטע פעלדער און פאַרשאָטנטע סעדער, פאָרזעצן זײן אַרבעט, אױף װיפל די צײט און די כוחות װעלן אים געגונען.



ס'איז געװען אַ הײסער סוף זומערדיקער שבת. מיר קומען צום ערשטן מאָל באַזוכן נחמן מײזילן אין זײן הײם. איך פרעג בײ קינדער, װאו ער װאױנט — דאָ װאױנט דער „סבא נחמן", װײזן מיר די קינדער אָן זײן הױז. עפּעס גיט אַ ציטער אײנעם האַרצן: „סבא נחמן" — דער „זײדע נחמן", — סאַר אַ פּאַסיקער נאָמען! איז דאָך נחמן מײזיל שױן אױך אײנער פון די זײדעס אין אונדזער ליטעראַטור. כאָטש מיט געצײלטע טעג פריער האָב איך אים געזען שטײן אױף דער טריבונע און רײדן צום עולם מיט אַזױפיל יוגנטלעכער פרישקײט און ענטוזיאַזם, װעגן „הונדערט יאָר יידישע ליטעראַטור, אירע פּראָבלעמען און אױפגאַבן". אָבער דאָך איז ער אַ זײדע, מיט זײן אײגענעם טיף פאַרװאָרצלטן יחוס אין דער יידישער ליטעראַטור.

און אָט איז „סבא נחמן" אַלײן: ער באַגיסט שבת די בלומען אַרום זײן שטוב. צי איז עס פאַרעכנט װי אַ חלול שבת בפרהסיא, אָדער איז עס אַ מלאכת קודש, װאָס מאַכט דעם שבת נאָך הײליקער, פײערלעכער? ער באַמערקט אונדז ניט און איז פאַרטיפט אין זײן אַרבעט. מיט 30 יאָר צוריק, אין יענע טעג און נעכט אין עמק, האָט ער מן הסתם געטרױמט צו פאַרברענגען דאָ זײנע לעצטע יאָרן און באַװאַסערן בלומען װאָס זײנע אײגענע פינגער װעלן פאַרפלאַנצן און אױפהאָדעװען. װאָס פאַר אַ װאונדערלעכע זעעניש איז עס! נחמן מײזיל — אײנער פון די לײדנשאַפטלעכסטע קעמפער אױף די שלאַכט־פעלדער פון אונדזער ליטעראַטור, דער חריפותדיקער פּאָלעמיסט, דער מאָנער און װעקער צו מעשים, שטײט דאָ איצט אַ הדרת־פּנימדיקער, אױסגעטאָן פון אַלץ און אַלעמען. איבער זײן גרױען קאָפּ טראָגן זיך מיט אַ צװיטשערײ פײגעלעך, און זײן בליק צערטלט

די בלומען ביי זיינע פיס, וועלכע טרינקען דורשטיק דאָס פרישע וואסער, וואָס ער דערלאנגט זיי.

צי קען זיין א שענערע עלטער פאר א יידישן שרייבער נאָך יאָרן וואָגלעניש און וואנדערונגען ?

צי איז פאראן א שענערער טרוים, ווי די דאָזיקע ווירקלעכקייט ?



דעם לעצטן טאָג פסח, דעם עלפטן אפריל, 1966, האָט סבא נחמן געלייענט זיין בוך „צווישן חורבן און אויפבוי". און האָט געגרייט זיך אָנצוהייבן שרייבן א נייע ארבעט, — א המשך צו דעם ווערק. פלוצלינג האָט דאָס בוך זיך ארויס־געגליטשט פון צווישן זיינע פינגער און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דערנעענטערן דער פיזישער סוף פון א גרויס שעפעריש לעבן, וואָס איז אויסגעלאָשן געוואָרן דעם זיבן־און־צוואנציקסטן אפריל, 1966.

— — — — — — — — — —

אין קיבוץ אלונים,ביים טויער פון עמק, אויף איינעם פון די בערגלעך, טיף אינעם אויסגעהאקטן שטיינערנעם באָדן, ארומגעזוימט מיט פון גאָט אליין פאר־פלאנצטע בלומען־קוסטעס, אינעם שאָטן פון אלטע דעמבן־ביימער, רוט דאָס פיזישע פון נחמן מייזיל.

פארוואָרצלט טיף אין דער יידישער ליטעראטור, לעבט — וועט אייביק לעבן און ניט פארגעסן ווערן, — איינער פון די שיינגייסטער אינעם יידישן לעבן — נ ח מ ן  מ י י ז י ל.